III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 16

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואָך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ־יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל־יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 ״
דען 1טען אויגוסט — 1 ״

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך־אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 ״
פירטעליאהריג —.3 ״
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 ״
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנציינען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

Krakau, 18 April 1901. נומר 16. קראקויא, ניסן תרס״א.

מיר בעטען זעהר אונזערע געעהרטע אבאנענטען, ביים אריינשיקען די צווייטע ראטע, ווי אויך יעדעס מאל, ווען זיי שרייבען צו אונז, אזוי גוט זיין צושרייבען דעם № פון זייער באנדעראלל; דאס איז אונבעדינגט נייטהיג אום צו קענען שנעל און פונקטליך אויספיהרען וואס אונזערע אבאנענטען פארדערן פון אונז.

די אדמיניסטראציאן פון „יוד“.

## וואו זאל זיין דער קאנגרעס?

קורץ איז שוין די צייט, וואס טהיילט אונז אב פון דעם 5־טען קאנגרעס, און עס איז דערום איצט די רעכטע צייט צו שטעלען די פראגע וועגען דעם ארט פון קאנגרעס. דער לעצטער קאנגרעס אין לאנדאן, אין דער גרעסטער שטאדט פון דער וועלט, האט זיך אויסגעצייכענט מיט אזוי פיעל לארם, מיט אזוי פיעל פאראד, אז אין יעדער אנדער שטאדט אויסער לאנדאן, וואלטען מיר זיך מיט אונזער קאנגרעס געפיהלט גאנץ קליינשטעדטילש. די אויפמערקזאמקייט פון די ענגלישע צייטונגען, די גרויסע פאלקספערזאמלונגען מיט טויזענדער מענשען, וועלכע האבען מקבל־פנים געוועזען די ציוניסטישע דעלעגאַגען, די גאלערייען מיט די טויזענדער צוהערער, וועלכע האבען מיט זייער לייב און זעעלע מיטגעלעבט און מיטגעפיהלט מיט די דעלעגאטען,—דאס אלץ צוזאמען האט אויסגעגאסען אויף דעם לאנדאנער קאנגרעס א בעזונדער גלאנץ, וועלכער האט אפילו ניט געקאנט פערדונקעלט ווערען דורך די פוסטקייט פון די ויכוחים און דורך די אונארדענונגען אויף די אסיפות. אין קיין אנדער שטאדט אין דער וועלט קען דער קאנגרעס ניט זיין אזא שטארקעס מיטעל פאר אגיטאציאן, ווי אין לאנדאן, און דערום איז זעהר ניט גרינג נאך דעם קאנגרעס פון לאנדאן איבערצוגעהן אין א קלענערע שטאדט, מיט ווייניגער יודען און מיט א שוואכערען פאליטישען לעבען, און מיר דארפען זיך ניט חדוש'ען ווען עס ווערט אויך איצט פערלאנגט, אז דער 5־טער קאנגרעס זאל ווידער זיין אין לאנדאן.

מען וויל ניט ווערען קליינשטעדטילש, מען וויל אויך ווייטער אבהאלטען אונזער קאנגרעס אין מיטעלפונקט פון דער וועלט, פון וואַנעט אונזער שטימע זאל געהערט ווערען אומעטום, אבער וואס האבען מיר פון דעם גאנצען רעש און געפילדער אין לאנדאן? וואס איז אונז ארויסגעקומען פון די גרויסע פאלקספערזאמלונגען, פון דעם פריינדליכען פובליקום אויף די גאלערייען, פון די גרויסע השבונות אין די ענגלישע צייטונגען? זענען אונזער האפנונגען, וועלכע מיר האבען געלעגט אויף דעם לאנדאנער קאנגרעס, ערפילט געווארען? איז דער ציוניזם דורך דעם לאנדאנער קאנגרעס שטארקער געווארען? מיר האבען געהאפט, דאס דער קאנגרעס אין לאנדאן וועט זיין א שטארקע אגיטאציאן פאר די באנק, וועלכע האט געדארפט האבען נאך א מיליאן רובל, כדי זי זאל קענען געעפענט ווערען, — מיר האבען געהאפט, אז דער לאנדאנער קאנגרעס וועט צוציהען צו זיך נייע קרעפטען צווישען די יודען אין ענגלאנד בפרט און אין מערב אייראפא איבערהויפט, מיר האבען געהאפט צו קריגען אויף דעם לאנדאנער קאנגרעס קלארערע תשובות אויף איינינע געשטעלטע פראגען און אויסצוארבייטען א בעסערע ארגאניזאציאן, וואס זאל שטארקער פערבינדען די ציוניסטישע חברות און זיי געבען מעהר לעבען. אבער צוליעב דעם שטעמפעל פון אגיטאציאן וועלכער איז ארויפגעלעגט געווארען אויף דעם פאראיאהריגען קאנגרעס, איז א מיושב'דיגע בעהאנדלונג פון די געשטעלטע פראגען געווארען אונמעגליך, די החלטות זענען אנגענומען געווארען אין איילעניש און דער גאנצער קאנגרעס איז נור געווארען א שענעס און גרויסארטיגעס טהעאטערשפיעל פאר דער וועלט. און וואס האט אונז געגעבען דער לאנדאנער קאנגרעס ווי א אגיטאציאנסמיטעל? נייע קרעפטען זענען אין די מערב־לענדער ניט צוגעצויגען געווארען און די באנק איז נאך עד היום ניט געעפענט געווארען.

פאר די גאנצע צייט פון דעם לאנדאנער קאנגרעס אן ביז איצט האט סך־הכל אונזער באנק בעקומען א האלב מיליאן רובל, און כדי זי זאל געעפענט ווערען, פעהלט אונגעפעהר נאך א האלב מיליאן, און צוזאמענצונעהמען אזא סומע וועט געוויס זיין פיעל שווערער ווי די ערשטע העלפט. אמת, מען דארפט מודה זיין, אז אין דעם איז שולדיג ניט דער קאנגרעס אליין, ווייל מען האט ניט אויסגענוצט פאר די באנק די בעסערע שטימונג, וועלכע איז געוועזען גלייך נאך דעם קאנגרעס, אבער דאך האט דער קאנגרעס, ווי מען האט געקאנט האפען, געדארפט ברייננען דער באנק א גרעסערען נוצען און ארויס־

רופען א גרעסערעס אינטערעס, ווי ער האט עס געטהון אין דער ווירקליכקייט.

דער קאנגרעס אין לאנדאן האט ארויסגערופען מעהר לעבען צווישען די רוסישע יודען אין ענגלאנד, אבער אויף אנדערע טהיילען פון מערב אייראפא איז זיין איינפלוס געווען גאנץ קליין. אין די יודיש־ענגלישע צייטונגען געפינען מיר טאקי איצט גאנצע שפאלטען איבער די ציוניסטישע בעוועגונגען, איבער ציוניסטישע אסיפות, וועלכע ווערען שטענדיג אבגעהאלטען, אבער עס איז שוין, דאכט זיך, צייט צו פערשטעהן, אז עטליכע חברות מעהר אדער ווייניגער האבען פאר די ציוניסטישע בעוועגונג קיין ווערט ניט, און דאס מיר דארפען איבערהויפט ניט מעסטען די קראפט פון דער ציוניסטישער בעוועגונג מיט דער צאהל פון חברות. קוקען מיר זיך אבער צו צו דער ארבייט פון די הברות אין מערב, זעהען מיר אז אויפגעטהון האבען זיי אלע זעהר ווייניג. דער האלבער מיליאן רובל, וואס איז איינגעצאהלט געווארען אין די באנק נאך דעם לאנדאנער קאנגרעס, געהער כמעט אין גאנצען רוסישע אקציאנערען, די קלובען אין ענגלאנד, וואס זענען געעפענט געווארען אויף צו פערקויפען אקציעס אויף אויסצאהלען, האבען ווידער געהאט אין זינען נור די רוסישע יודען, וואס וואהנען אין ענגלאנד, ווייל די ענגלישע יודען זענען רייך גענוג און זענען אים שטאנד צו קויפען אקציעס מיט אמאל. די קלובען האבען געמאכט זעהר שלעכטע געשעפטען, און דער אגיטאציאנס צוועק פון דעם 4־טען קאנגרעס האט אונז, ווי עס ווייזען אונז די ציפערן, קיין גרויסע נוצען ניט געבראכט. די ווירקונג פון דער אגיטאציאן איז געווען שוואך און די ערנסטע ארבייט האט דורך די אגיטאציאן אויף דעם קאנגרעס געליטען אויף יעדען שריט און טריט.

עס קען, דאכט זיך, קיין ספק ניט זיין, אז ווען דער פאראיאהריגער קאנגרעס וואלט געארבעט מיט א קלענערעס געפילדער און וואלט בעקלערט די מיטלען, וועלכע מען דארף אנווענדען צו פערקויפען מעהר אקציעס, וואלטען מיר שוין מיט דער באנק געהאלטען א סך ווייטער ווי איצט. ווי הויך מען האט ניט געשעצט אומעטום די וויכטיגקייט פון דעם לאנדאנער קאנגרעס פאר די באנק, האט מען אין לאנדאן אפילו קיין צייט ניט געהאט צו בעקלערען די אופנים, ווי צו מאכען א באנקביורא פאר רוסלאנד, און די גרינדונג פון אזא וויכטיגער אינסטיטוציאן איז נור דערום מעגליך געווארען א האלב יאהר ארום נאך דעם קאנגרעס.

די אגיטאציאן, וועלכע איז געווען פערבונדען מיט דעם קאנגרעס אין לאנדאן, האט אונזער ארבייט נור געשאדט. אונזערע קאנגרעסען דארפען זיין בעשטימט פאר וויכטיגערע ציעלען ווי פאר אגיטאציאן. מיר דארפען צוליעב איהר בשום אופן ניט מקריב זיין אונזער אינעווענינגסטע ארבייט. מיר דארפען מאכען אונזערע קאנגרעסען פאר ערטער, וואו מען זאל קענען בעקלערען און בעראטהען אלע וויכטיגע פראגען, ניט בויענדיג אלסדינג אויף דעם איינדרוק, וואס דער קאנגרעס קען מאכען אויף אנדערע, אויף פרעמדע.

לאנדאן איז פאר אונז אזא ארט, וואו דער קאנגרעס קען נור זיין א דעמאנסטראציאן. דאס איז אזוי קלאר, אז בעת מען רעדט איצט ווענען דעם 5־טען קאנגרעס אין לאנדאן, שטעלט מען צוגלייך ארויס די פאדערונג, אז דער קאנגרעס זאל אבגעהאלטען ווערען בשעת דער ענג־

# פעלעטאן.

## פערשאלטענעס גאלד.

עס ברענט דער הימעל פון אויבען און דער טרוקענער, הייסער, קאכענדיגער זאמד פון אונטען. שטיל און רוהיג און פערשמאכט ליגט אויסגעשטרעקט דער גרויכער און מורא'דיגער מדבר.

אין מיטען מדבר שטעהט פעסט א בארג. ער שטעהט פעסט אויף א שווערען שטיינערנעם פונדאמענט, און הויך צום הימעל איז פעררייסען זיין שטיינערנער קאפ.

ארום בארג אונטען, הארט ביי דעם שטיינערנעם פונדאמענט, האבען אויפגעשטעלט זייערע געצעלטען די וואנדערער פון מדבר. אויף דעם בארג פון אויבען, אויף דעם רעכטען שפיטץ, שטעהט דער פאלקס־פיהרער אליין. ער איז שוין פון לאנג אן בעקאנט מיט דעם גרויסען מדבר און מיט דעם שטיינערנעם בארג אין מיטען. ניט איין מאל פלעגט ער דארט ארומגעהן, איינזאם און פערטיפט אין הויכע געדאנקען, און ווען עס איז ביי איהם אין מח פארטיג געווארען זיין גרויסער פלאן. ווען ער האט צום ערשטען מאל דערהערט די געטליכע שטימע — האט ער געשלאסען ברודערשאפט מיט דעם מדבר און מיט דעם בארג אין מיטען.

און עס איז געווען אויף דעם דריטען טאג, ווי עס האט נור נעשלאגען די מארגען־שטונדע, האט זיך בעדעקט דער בארג און דער פאלקס־פיהרער מיט א שווערען דיקען וואלקען. עס האט געדונערט און געבליטצט, גערוישט און גערודערט און א תקיעה גדולה האט געבלאזען פון א מורא־דיגען שופר.

דאס פאלק איז געשטאנען אונטען און האט ג ע ז ע ה ע ן די קולות, און די פלאמען פייער און דעם קול פון שופר, און דעם בארג ווי ער רויכערט. דאס פאלק האט עס געזעהן און געציטערט...

און פערשידענע קולות פון דער ניט לאנג פערשוואונדענער פערגאנגענהייט מישען זיך צוזאמען, קלינגען אין די אויערען און וועקען פרישע זכרונות.

עס רוישען די וואסערן, די וואסערן פון ים־סוף, עס רוישען די וואסערן, עס ברומען די וועלען. זיי האבען זיך אויף טוידט דערשראקען פאר בן־עמרם'ס שטעקען. דער שטעקען הויבט זיך אין די לופט, און די וואסערן מוזען זיך שפאלטען. זיי שפאלטען זיך מיט א גערויש, מיט א ווידעריי און מיט א קאכעריי. דער גאנצער ים־סוף זיפצט און קרעכטצט. נאך א ווייל — און עס הערט זיך א ברעכעריי פון רייטוועגען, עס טומלען די רייטער, עס הירזען די פערד, זיי ראנגלען זיך מיט די וואסערן, און דער ים־סוף שיסט אויס א געלעכטער און געהט אין זיין רוהע צוריק. די קולות פערמישען זיך, און דאס געשריי רייכט ביז צום הימעל. דער ים־סוף איז ווייט. די רייטוועגען צובראכען, די רייטער ערטרונקען, אבער עס רוישט נאך אין די אויערען.

עס קלינגען די קייטען, די קייטען פון קנעכטשאפט, און דער קול פון פערשימעלטע שטיקער אייזען, וואס רייבען זיך איינער אן דעם אנדערן לאזט זיך הערען פון דער ווייטען. דאס זענען די קייטען, וואס מען האט אין זיי איינגעשמידט א קליין אומה'לע, כדי עס זאל ניט וואקסען, עס זאל זיך ניט פריי ענטוויקעלן, עס זאל זיך ניט מעהרען, עס זאל זיך ניט פרוכטבארען.

די קייטען זענען צוריסען, צובראכען אויף שטיקליך. די שטיקליך וואלגערן זיך אין אלע ווינקלען פון גשן, אין די גאסען און געסעליך פון פיתום און רעמסס. די קייטען זענען צוריסען, אבער עס לאזט זיך נאך הערען דער קלאנג פון פערשימעלטען אייזען. עס רייבט און עס קריטצט און א שוידער געהט דורך איבער'ן גאנצען לייב.

אין דעם ים פון פערשידענע קולות שווימט פלוצלינג ארויס נאך א קול. ער איז ניט גלייך צים קול פון ים־סוף, ווען ער קומט אריין אין כעס; ער איז ניט גלייך צום קול פון דינער, ווען ער ציקייקעלט זיך איבער די וואלקען; ער איז ניט הילכיג ווי דער קול פון שופר, וואס בלאזט צו

לישער פּאַרלאַמענט איז נאָך אָפֿען, אין דער האָפֿענונג צו פּעראינטערעסירען דעם פּאַרלאַמענט מיט אונזער בעוועגונג.

רעכענדיג אויף דעם מוז דער קאָנגרעס ווידער זיך שטעלען דעמזעלבען צוועק ווי פֿאַראַיאָהרען, צו מאַכען פֿון קאָנגרעס ווידער איין טהעאַטערשפּיעל פֿאַר די ענגלענדער, אָבער אַז אַזאַ צוועק קען אונז גאַנץ וועניג נוצען בריינגען, זעהען מיר גענוג קלאָר פֿון דעם אליין שוין, דאָס די ענגלישע ציוניסטען זענען אַלע געגען דעם קאָנגרעס אין לאָנדאָן, ווייל דער פֿאַראַיאָהרעדיגער קאָנגרעס האָט זיי אַנגעמאַכט צו פֿיעל קלאָפּאָט. מיר האַלטען די ענגלישע ציוניסטען לכל הפחות אויף אַזוי פֿיעל געטריי, דאָס זיי וואָלטען געוויס ניט געווען נעגען דעם קאָנגרעס אין לאָנדאָן, ווען זיי וואָלטען נור גערואָרט פֿון איהם דעם קלענסטען נוצען.

מאַכענדיג דעם 5-טען קאָנגדעס אין לאָנדאָן, מוזען מיר זיך ווידער אָבזאָגען פֿון אַ ערנסטער אַרבייט און איהם ווידער מאַכען נור פֿאַר אַ אַגיטאַציאָנסקאָנגרעס. וואָס מיר האָבען צו האַלטען פֿון אַזאַ קאָנגרעס, האָבען מיר שוין פֿריהער געזאָגט. האָבען מיר אָבער האָטש די מיטלען אויך אין דעם יאָהר צו מאַכען אונזער קאָנגרעס אין לאָנדאָן מיט אַזאַ פּאַראַד און גלאַנץ ווי פֿאַר אַיאָהרען? די אונאַננעהמליכקייטען, מיט וועלכע עס איז געווען פֿערבונדען דאָס לעבען פֿון די דעלעגאַטען אין לאָנדאָן און דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון קאָנגרעס האָבען געמאַכט אויף פֿיעל דעלעגאַטען אַזאַ שווערען איינדרוק, אַז דער איצטיגער קאָנגרעס אין לאָנדאָן וועט אָהן אַ שום ספק האָבען פֿיעל וועניגער דעלעגאַטען ווי פֿאַראַיאָהרען און די דעמאָנסטראַציאָן וועט דורך דעם היי־יאָהר זיין אַ סך שוואַכער ווי אויף דעם 4-טען קאָנגרעס.

ווען לאָנדאָן קען אונז אין אונזער אַרבייט נור שטערען, ווען מיר קענען פֿון דער אַגיטאַציאָן קיין נוצען ניט ערוואַרטען און ווען מיר האָבען אפילו אויך ניט די מעגליכקייט צו מאַכען פֿון דעם קומענדיגען קאָנגרעס אַ שענעם אַגיטאַציאָנסמיטעל, מוזען מיר דערום צוזאַמען מיט די ענגלישע ציוניסטען אויסרופֿען: זאָל דער 5-טער קאָנגרעס זיין ווידער אין באַזעל, זאָל ער זיין אין דייטשלאַנד, זאָל ער זיין אין האָלאַנד, נאָר ניט אין לאָנדאָן.

י. ל.

---

## פּאָליטישע איבערזיכט.

די רוסישע מודעה וועגען חינא. — יאַפּאַן. — אגווינאלדא איז געפֿאַנגען. — די רעדען פֿון קייזער ווילהעלם.

דער לאַרם, וועלכען עס האָבען אַנגעמאַכט ענגלאַנד און יאַפּאַן געגען דעם רוסישען קאָנטראַקט מיט חינא, האָבען צוגעגעבען דעם חינעזישען קייזער מוטה און ער האָט זיך אָבגעזאָגט אונטערצושרייבען דעם קאָנטראַקט וועגען מאַנדזשוריען. דאָס האָט געצייט די רוסישע רעגירונג צו צורייסען אין גאַנצען איהרע פֿערהאַנדלונגען מיט חינא און ארויסצוטרעטען מיט אַ אָפֿיציעלער מודעה איבער די לאַגע אין חינא. די רוסישע רעגירונג ערקלערט, אַז אין דער מלחמה מיט חינא האָט זי זיך געשטעלט נור דעם ציעל בייצוהעלפֿען דער חינעזישער רעגירונג געגען דער מרידה פֿון דעם גרויסען קולאַק, רוסלאַנד האָט פֿון אָנהויב אָן מודיע געווען, דאָס זי וויל לעבען מיט דער חינעזישער רעגירונג אין שלום אַזוי ווי זי האָט מיט איהר תמיד געלעבט. ביי די תנאים פֿון שלום איז רוסלאַנד די ערשטע געווען, וועלכע האָט געפֿאָדערט, אַז די חינעזישע מלוכה זאָל בלייבען ביי אַלע איהרע

---

בעפֿרייאונג; ער איז מעהר ניט ווי אַקלונג — עס האָט אין זיך אָבער דער קלונג אַ ווילדען כח, אַ כשוף־קראַפֿט. ער וויל הערשען איבער אַלע קולות, און פֿיהרט מיט זיי פֿון אייבינג אָן אַ העפֿטיגע, האַרטע, ביטערע מלחמה...

פֿערשוואונדען איז דער ים־סוף מיט זיינע ווייסע כוואַליעס, פֿערשטומט דער דונער און די וואָלקען פֿון אויבען, דער שופר בלאָזט ניט מעהר אַתּקיעה גדולה — מיט אַ צובראָכענעם קול בלאָזט ער שבֿרים...

שאַ, הערט זיך גוט צו, גאָלד קלינגט!

„קנעכט, נעמט ניט דאָס גאָלד! דאָס גאָלד איז פֿערשאָלטען, עס וועט אייך מעהר ניט ווי פֿערשאַפֿען נייע צרות, עס וועט אייך איינשמידען אין נייע קייטען, און קייטען פֿון גאָלד זענען שטענדיג ניי, ווערען קיין מאָל ניט פֿערשימעלט. נעמט ניט דאָס גאָלד, דאָס גאָלד איז פֿערשאָלטען!"

— גאָלד איז שען, גאָלד בלינקט און פֿונקעלט און שיינט. גאָלד קלינגט זיס און אַנגענעהם, דער קלונג גנבֿ'עט זיך אין אויער און קיטצעלט גאָר אמחיה... מיט גאָלד פֿערפּוצט מען אַ'אָקס, ווערט ער אַ האַלבער גאָט, און אָפֿטמאָל גאָר אַ גאַנצער... גאָלד איז שען, גאָלד איז ריין, גאָלד פֿונקעלט, גאָלד שטראַהלט: מיר נעמען דאָס גאָלד!

---

אין מיטען מדבר שטעהט פֿעסט אַ באַרג. ער שטעהט פֿעסט אויף אַ שווערען שטיינערנעם פֿונדאַמענט און הויך צום הימעל איז פֿערריסען זיין שטיינערנער קאָפּ.

אויף דעם באַרג פֿון אויבען אויף דעם רעכטען שפּיץ, בעדעקט מיט אַ דיקען וואָלקען שטעהט דער פֿאָלקס־פֿיהרער אַליין. ער איז פֿערטיפֿט אין הויכע געדאַנקען. ער שטעלט צוזאַמען אין קאָפּ דעם פּלאַן פֿון משכּן; גאָלד און זילבער און קופּער, ליינען און וואָלע און פּורפּור — אַלעס זאָל דיענען נור צו בעשענען דעם משכן. און אין משכן אינווענייג זאָל זיין אַ בעזונדער חדר, אַ קדש הקדשים, און דאָרט זאָל רוהען די שכינה אַליין...

אַרום באַרג אונטען געהט אַ ווילדע טענצעריי. און פֿון קולות און ליעדער הילכט דער מדבר.

ניט גבורים קעהרען אום פֿון מלחמה נאָך אַ גרויסען נצחון, ניט העלדען־ליעדער קלינגען ווייט אין מדבר — דאָס זענען קולות פֿון קנעכט מיט אַ קנעכטישער נשמה, מיט קנעכטישע געפֿיהלען. דאָס זענען קולות פֿון קנעכט מיט אַ געבויגענעם רוקען, וואָס זענען ניט אומשטאַנד האַלטען גלייך דעם קאָפּ, אָדער נאָר אויפֿהייבען די אויגען און בעוואונדערען דעם שפּיטץ באַרג... דער באַרג איז בעדעקט מיט אַ שלייער, דער פֿאָלקס־פֿיהרער איז אויך פֿערבאָרגען... וואָס געהט עס זיי אָן, וואָס טויג זיי אַ משכן, וואָס טויג זיי אַ קדש הקדשים, וואָס טויג זיי אַ שכינה...

עס הילכט דער מדבר פֿון ווילדע טענץ מיט משוגע'דיגען געזאַנג, עס טאַנצען און זינגען די קנעכט לכבוד דעם גאָלדענעם קאַלב!

* * *

עס איז געווען אַ פֿרעהליכע צייט. דאָס פֿאָלק האָט ערשט אַנגעהויבען אויסצוגלייכען די ביינער, ערשט אַנגעהויבען צו פֿיהלען דעם אייגענעם וואוקס. און בשעת אַ פֿאָלק גלייכט אויס די ביינער, בשעת עס וואַקסט, בעקומט עס גרויס הרחבת הדעת; עס אָטהעמט זיך פֿריי פֿון פֿולער ברוסט, די אויגען קוקען קלאָר און ווייט, דער מח ווערט העל, די געדאַנקען געהען אין אַ סדר איינער נאָך דעם אַנדערן, און די נשמה ווערט ברייטער און ברייטער — עס ווילט זיך אַלעס האַלוען, אַרומנעהמען און זאָגען שירה, עס ווילט זיך עפּיס שאַפֿען, עפּיס גרויסאַרטיגעס שאַפֿען, עס זאָל זעהן די גאַנצע וועלט און בעוואונדערן...

אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך געפֿונען דאָס פֿאָלק. עס איז געווען אַ פֿרעהליכע צייט. און אין דער צייט האָט דאָס פֿאָלק בעשאַפֿען דעם בית־המקדש.

זיבען יאָהר נאָך אַנאַנד האָט מען געבויט דעם בית־המקדש. גאָלד און זילבער, די בעסטע מאַרמאָר שטיינער און די טהייערסטע טענענבוימער האָבען זיך געוואַלגערט אין די גאַסען, און פֿון לבֿנון ביז ירושלים האָט געקאָכט און געראַשט. הונדערטערטויזענד שטימען האָבען געקלונגען און געהילכט אין דער לופֿט, און די לופֿט אַליין האָט אויך געלעבט...

פריהערדיגע גרענעצען, זי האט אויך פארגעלעגט, אז די אייראפּעאישע מלוכות זאלען ארויספיהרען זייער חיל פון פעקין, כדי ניט צו פערשטארקען די שנאה פון די חינעזער צו די אייראפּעאישע פעלקער, זי האט אויך פארגעשלאגען זיך צו בענעהן מיט רחמנות מיט די שולדיגע חינעזער. ווייטער דערצעהלט די מודעה, דאס ווען דייטשלאנד האט צוזאמען מיט די אנדערע מלוכות פערלאנגט צו טייטען די שולדיגע חינעזער, כדי דורך הארטע שטראפען איינצושרעקען חינא, האט דאן דער רוסישער פערטרעטער געקראגען דעם בעפעהל זיך אין גאנצען אבצוזאגען פון די בעראטהונגען איבער די פראגע וועגען שטראף.

וואס אנבעלאנגט מאנדזשוריען, זאגט ווייטער די מודעה פון דער רעגירונג, זענען די חינעזער אהן א שום אורזאכע אנגעפאלען אויף די רוסישע שטעדט ביי דער גרענעץ און האבען צושטערט די רוסישע אייזענבאהנען. די סכנה, וועלכע די אונרוהען אין חינא האבען געבראכט פאר די רוסישע איינוואהנער ביי די גרענעצען פון מאנדזשוריען, האבען גענייט די רעגירונג צו זוכען מיטלען, וועלכע זאלען שאפען א גרעסערע זיכערהייט אין די רוסיש־אזיאטישע לענדער און פאר די רוסישע אייזענבאהנען אין חינעזישען מאנדזשוריען. רוסלאנד האט דערום פארגעלעגט מיטלען ווי איינצופיהרען בעסערע ארדענונגען אין מאנדזשוריען און ווי צו ביסליכווייז ארויסצופיהרען פון דארטען דעם רוסישען חיל. חינא איז אבער אויף די רוסישע פארדערונגען ניט איינגעגאנגען און דערום איז רוסלאנד געצוואונגען צו לאזען איהר חיל אויף ווייטער אין מאנדזשוריען. צו גלייכער צייט איז די רוסישע רעגירונג מודיע, דאס זי וויל מאנדזשוריען פון חינא ניט צונעהמען, נאר זי וועט האלטען בעזעצט דאס דאזיגע לאנד, ביז וואנעט עס וועט אין גאנצען ניט איינגעשטילט ווערען די מרידה און ביז וואנעט עס וועט ניט געשאפען ווערען א שטארקע רעגירונג אין חינא. דערוויילע אבער בלייבט דער רוסישער חיל אין מאנדזשוריען און רוסלאנד וועט רוהיג ווארטען אויף דעם ווייטערדיגען גאנג פון די אנגעלעגענהייטען אין אזיען.

די דאזיגע מודעה איז געשריבען מיט דעם פעסטען און זיכערען טאן פון א רעגירונג, וועלכע פיהלט אין זיך די קראפט דורכצופיהרען איהר בעשלוס. שוועריגקייטען קען מען נור ערווארטען פון די ענגלענדער און יאפאנער. ענגלאנד איז אבער צו פיעל פערנומען מיט איהר מלחמה אין אפריקא און זי בענוגענט זיך דערום נור מיט דעם, דאס זי רייצט אויף אנדערע געגען רוסלאנד. ווען ניט ענגלאנד וואלט איך יאפאן ניט ארויסגעטרעטען אזוי שארף. איצט אבער ערקלערט יאפאן, דאס זי נעמט אויף זיך צו שטיצען חינא אין איהר פאליטיק געגען רוסלאנד, אפילו ווען די פאליטיק וועט פיהרען צו א מלחמה.

עס איז אבער צו האפען, אז יאפאן וועט נור בלייבען ביי איהר פראטעסט, דען חינא איז איצט צו אבגעשוואכט, זי זאל קענען האטש וואס עס איז אונטערנעהמען געגען רוסלאנד, און דער איצטיגער שטורם אין דער פאליטיק וועט מסתמא אין גאנצען זיך אויסשפיעלען נור אין די צייטונגען אליין.

די פערהאנדלונגען וועגען שלום צווישען די ענגלענדער און בויערען זענען אבגעבראכען געווארען און די מלחמה צווישען זיי ציהט זיך ווידער מיט דערזעלבער לאנגזאמקייט ווי פריהער. דא

---

זיבען יאהר נאך אנאנד האט מען געבויט דעם בית־המקדש, און א פערפוצטער פון גאלד און זילבער איז ער געשטאנען הויך אויף דעם בארג אין געשטראהלט אין אלע זייטען. און אז ער איז שוין אין גאנצען פארטיג געווארען, האט זיך פערזאמעלט דאס פאלק, די עלטסטע און די פירסטען פון די שבטים צום קעניג שלמה'ן אין ירושלים.

די עלטעסטע און די פירסטען פון די שבטים האבען אריינגעטראגען אין בית־המקדש דעם ארון מיט די צוויי שטיינערנע לוחות.

דאן האט שלמה געלייענט די ערשטע תפלה אין דעם נייעם בית־המקדש.

אזא תפלה האט די וועלט נאך ניט געהערט — א תפלה פול יונגענדליכער קראפט, פול מוטה און האפנונג, פול גלויבען און בטחון. פול פרומקייט און הארצליכקייט, ווייט ווי דער גרויסער ים, ריין ווי די וואסער פון ירדן וואו זיי פאלען און שוימען זיך, קלאר ווי דער טהוי פון חרמון, ווען ער שפיגעלט אב אין זיינע טראפען די ערשטע שטראהלען פון דער אויפגעהענדער זון...

און אין ארון איז מעהר ניט געווען ווי די צוויי שטיינערנע לוחות...

---

די מלוכה האט זיך צוטיילט: יהודה בעזונדער און די עשרת השבטים בעזונדער.

אבער אויף דעם הר הבית שטעהט און גלענצט דער בית־המקדש. צווישען די כרובים רוהט דארט די שכינה. עס איז געפעהרליך: די עשרת השבטים מוזען פערגעסען דעם וועג וואס פיהרט קיין ירושלים, ווען ניט — קאנען זיי זיך נאך ווידער פעראייניגען מיט די בני יהודה. דער בית־המקדש, די שטיינערנע לוחות, די כרובים — זיי האבען אין זיך א מין מאגנעט, וואס ציהט אלע שבטים צוזאמען.

עס איז געווען נייטהיג צו שאפען א נייעם גאט, א גאט וואס זאל קאנען פיהרען מלחמה מיט די שטיינערנע לוחות, א גאט וואס זאל בלענדען די אויגען, וואס זאל איינשמידען דעם פרייען גייסט אין שטארקע, פעסטע קייטען, א גאט וואס דער עולם זאל האבען פאר איהם גרויס דרך־ארץ...

נאך פיעל עצות האט מען אוועקגעשטעלט צוויי גאלדענע קעלבער: איין קאלב אין בית־אל און איין קאלב אין דן.

* * *

עס איז ניט די אלטע צייט פון דער פרעהליכער יוגענד, ווען אלץ שפיעלט און שטראהלט, ווען דער חשק צום פרייען לעבען איז שטארק און מעכטיג, ווען די האפנונגען מישען זיך ניט דורך מיט טרוקענע חשבונות — עס איז א פינסטערע, ביטערע צייט! שווערע, בלייערנע וואלקען בעדעקען דעם הימעל, איין וואלקען יאגט דעם אנדערען, גלייך זיי וואלטען מורא געהאט, טאמער ציהט זיך נאך דורך וואו ניט וואו א שטיקיל בלויער הימעל. די וואלקען יאגען זיך איינער נאך דעם אנדערען, לאזען זיך אראב נידריגער און נידריגער, בענוגענען זיך ניט מיט דעם, וואס זיי האבען שוין פערדעקט דעם גאנצען הימעל — זיי ווילען אויך איינשלינגען דעם אויר, וואס רינגעלט ארום די ערד, זיי ווילען אוועקנעהמען דאס לעצטע, דאס ביסיל לופט, מיט וואס מען אטהעמט...

דאס אלטע פאלק איז שוין געוועהנט צו צרות, שוין געפרופט אין יסורים. ניט איין מדבר איז עס דורכגעגאנגען, ניט איין ים־סוף האט עס געשפאלטען, און דעם בעדעקטען הימעל מיט די שווערע, בלייערנע וואלקען האט עס ניט איין מאל שוין בעגעגנט אין לעבען.

אלטע זכרונות שטעהען אויף פון זייערע קברים, און א נייער שטראהל פון האפנונג שפאלט דורך די דיקע חמארע.

און ווי אין חלום דערמאנט זיך דאס אלטע פאלק אין די אלטע, לאנג פערשוואונדענע צייטען, אן דאס אלטע היים, וואו דער הימעל איז בלוי, וואו די לופט איז לויטער און ריין, וואו עס האט זיך אמאל פריי נעאטהעמט...

ווידער דער ירדן, ווידער דער חרמון, ווידער דער כרמל, ווידער דער לבנון!

ווערט ווידער פערהאלטען א צוג, ווידער אבגענומען דער פראוויאנט פון דער אדער פון דער אנדערער זייט אָדער גענומ'ן אַ צעהנדליג געפאנגענע א. ז. וו. די ענגלענדער זענען זעהר ניט צופריעדען מיט דער לאנגזאמקייט פון דער מלחמה און בעשולדיגען אין דעם זייער גענעראל קיטשענער. עס ווערט דערום פארגעשלאָגען איהם אבצורופען פון אפריקא און צו שיקען איין אנדער גענעראל אנשטאט איהם. דער פרעזידענט קריוגער, וואס האט שוין לאַנג פערלארען די האפנונג אויף הילף פון אייראפא, רעכענט אין גיכען צו פאהרען קיין אמעריקא צו בעטען הילף ביי דעם פרעזידענט פון די פערייניגטע שטאַטען. דאָרט איז איצט אָבער דאָס אינטערעס צו די בויערען אַ סך שוואַכער ווי פריהער, און עס קען קיין ספק ניט זיין אז אין אמעריקא וועט קריוגער ניט געפינען מעהר הילף און גרעסערע פריינד ווי אין אייראפא.

די מלחמה, וואָס די פעריינִגטע שטאַטען האָבען געפיהרט מיט שפאניען אין יאָהר 1896, האָבען זיי געבראַכט צו א מלחמה אויף די פיליפינען (אינזעלן אין אזיען), וועלכע האָבען פר הער געהערט צו שפאניען. נאָכדעם ווי די אמעריקאנער האָבען צושטערט דעם שפאַנישען פלאָט ביי די פיליפינען און פערטריבען פון דארטען די שפאַניער, האָבען די איינוואָהנער גערעכענט, אז זיי ווערען אין גאַנצען פריי און זיי האָבען געהאָפט צו גרינדען איין איגענע רעפובליק. די אמעריקאנער אָבער האָבען זיך ענטשלאָסען צוצונעהמען די פיליפין־אינזעלן פאַר זיך. דער פיהרער פון די פיליפינער אגווינאלדא האָט 4 יאָהר נאָך אַ'נאַנדער געפיהרט מלחמה מיט די אמעריקאנער. די מלחמה האָט אָבגעקאָסט די אמעריקאנער ניט ווענ'ג קרבנות און איצט ערשט א'ז געלונגען די אמעריקאַנער צו האַפּען אגווינאלדא. מ ט א הם האָבען די פ'ל'פינער פערלאָרען זייער בעסטען פיהרער און יעדע אוסזכט אוי'ף ישועה. אגווינאלדאס פאַלען קען מען האלטען פאַר א סוף פון דער מלחמה. די אמעריקאַנער, וועלכע זענען פריהער ארויסגעטרעטען אין נאָמען פון גערעכטיגקייט און האָבען זיך אָנגענומען פאַר די פעלקער, וו'ס ווערען פערפאָלגט פון שפאַניען, האָבען נאָך דער מלחמה ארויסגעשט'לט גאַנץ אַנדערע פאָדערונגען און אָנגעהויבען צו זוכען אויך אייגענע נוצען. די פיליפין־אינזעלן האָבען זיי ניט בעפרייט, נאָר צוגענומען פאַר זיך געגען דעם ווילען פון די פיליפינער, וועלכע האָבען אומזיסט 4 יאהר זייער בלוט פערגאָסען, אום נצול צו ווערען פון זייערע בעפרייער.

אין דייטשלאַנד האָבען די לעצטע רעדען פון קייזער ווילהעלם אָנגעמאַכט א גרויסען רעש. דער דייטשער קייזער איז א גוטער רעדנער און האָט ליעב ביי יעדער געלעגענהייט צו האַלטען דרשות. ניט שטענדיג אָבער געפעלען זיינע רעדען, ווייל ניט אַלע מאָל האַלט ער זיינע רעדען אין דעם מאָס ווי עס פאַסט פאַר א קייזער פון א פאָלק, וועלכעס האָט אין זיך פערשידענע פאַרטייען. דער קייזער ווילהעלם איז זעהר אויפגערעגט פון דעם פאַל, וואס האָט איהם געטראָפען אין ברעמען און זיין אויפרעגונג האָט ער אויסגעדריקט אין א רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, דאס אי די רעגירונג, אי דער פאַרלאַמענט זענען שולדיג אין דעם, וואס דאָס פאָלק האָט פערלאָרען די ליעבע צום טראָן. עס ווערט אַלץ, האָט געזאָגט דער קייזער, צו פריי קריטיקירט און דאס א ז שעדליך, ווייל דאס פאָלק פערלירט די אכטונג צו דער רעגירונג. עס דאַרף, מיינט ער, געזאָרגט

טויזענדע און הונדערט טויזענדע בליקען ציהען זיך ווידער צום אַלטען באַרג, פון וואַנען עס איז אַמאָל ארויס אין די גאַנצע וועלט א' גלאַנץ, אי ליכט, אי וואַרמקייט.

תְּחִי הַתִּקְוָה — עס לעבט די אַלטע האָפנונג! די האָפנונג פערשאַפט נייע כחות, די האָפנונג ניט מוטה — לעבען זאָל נור די אַלטע האָפנונג!

די מלוכה איז לאַנג צושטערט, ז' קען זיך מעהר ניט טיילען — עס לעבט נאָך אָבער דאָס אַלטע פאָלק, און דאָס פאָלק האָט זיך צוטיילט.

א'ין קליינער טהייל איז געבליבען טריי צו "יהודה". דער גרויסער טהייל איז געגאַנגען אין "בית־אל" און אין "דן". די איינע האָבען געקליבען גראָשען צו גראָשען פאַר דעם צוקינפט'גען משכן, די אַנדערע האָבען געטאַנצט ארום דעם גאָלדענעם קאַלב. די איינע ווילען גאָלד צום משכן, די אַנדערע א משכן צו גאָלד.

— הלומות! היטק־קעפ, בעטלער מ'ט לעערע טאַשען, וואוּהי'ן טויג אייער אַלטע האָפנונג, לאָזט ז' רוהען אין איהר אַלטען קבר, און ווען איהר האָט ז' אויפגעוועקט, בעגראַבט ז' נאָך אמאל! איך האב מיליאָנען, און מ'ט די מיליאָנען וועל איך ארויסשלאָגען די משוגעת פון אייער קאָפ. איך האָב גאָלד און האב ניט וואו אהין צו טהון זיך מיט איהם. פון דעם גאָלד וועל איך שמידען קייטען און וועל אייך שלעפען וואוהין איך וויל! איהר הערט, וואוהין א י ך א ל י י ן וויל, איך וועל ניט פרעגען די היטק־קעפ, די בעטלער מיט די לעערע טאַשען!..

דאָס איז געווען איינער פון די אומגליקליכסטע מענשען אויף דער וועלט. ער האָט געמיינט, אַז ער איז הערשער איבער דאָס גאָלד, און האָט נעביך אין זיין גרויס אומגליק ניט געוואוסט, אַז דער גאָלדענער גאָט האָט איהם אַליין אויסגעקליבען צום ערשטען קרבן. ער האָט ניט געוואוסט, אז אַ נביא רעדט נור דאָס, וואָס זיין גאָט הייסט איהם — און ער איז געווען אַ נביא ביי דעם עגל הַזָהָב.

דער נביא האָט זיך גיזהיטצט, און דער גאָלדענער גאָט איז געזעסען אויף זיין גאָלדענעם שטוהל און האָט גיפט'ג געלאַכט: "איין מאָל צובראַכען די שטיינערנע לוחות צוליעב מיר, מיך אַליין צושטויסען און צומאָלען, און צושפרייט אויף דעם וואַסער. איהר האָט אָבער דאָס וואַסער געטרונקען, און אָט בין איך ווידער!"

אויף דעם וועג וואָס פיהרט אין ב ו נ א ס־א י י ר ע ס האָט מען אַוועקגעשטעלט דעם גאָלדענעם קאַלב.

און כהנים האָט מען גענומען צום גאָלדענעם קאַלב, וואס זיי שטאַמען ניט פון שבט לוי. אַזוי האָט אויך געטהון ירבעם דער ערשטער.

די בני לוי האָבען נאָך גאר אַמאָל פונע בכבוד געווען דעם על־טער־ויידען פון דעם נייגעבאָרענעם גאָלדענעם קאַלב.

און די כהנים זענען דערווייל לוסטיג און פרעהליך — כמעט שכּור פון פרייד. דער גאָלדענער גאָט האָט זיי פערדרעהט דעם קאָפ.

שכּור'ע כוהנים! ניכטערט זיך אויס, ווען עס איז נאָך צייט. וואַרט ניט ביז דער גייסט פון משה רבינו וועט אַראָב פון שטיינערנעם באַרג, וועט אַ קלאָפ טהון מיט די שטיינערנע לוחות, וועט ווידער צוברעקלען און צומאָלען אייער גאָלדענעם גאָט, און וועט צושפרייטען זיין אַש אויף אַלע זיבען ימים. נאר דאס וואַסער וועט שוין מעהר קיינער ניט טרינקען!

זעהט! אייער גאָט ווערט וואָס ווייטער מאָגערער. אַ חלק פון איהם איז שוין צושפרייט אויף עטליכע ימים.

און די האָפנונג לעבט אייביג, און אז מען צושפרייט ז' איבער אַלע ימים, ווערט ז' פון דעם נאָך שטאַרקער און קרעפטיגער.

תְּחִי הַתִּקְוָה, לעבען זאָל די האָפנונג!

ד"ר שמריה הלוי.



ווערען, אז די קריטיק זאל ניט געהאלטען ווערען אזוי פריי ווי ביז איצט. נאך שארפער האט זיך אויסגעדריקט דער קייזער אין א רעדע צו זיין גווארדיע. צו איהר האט ער געזאגט, דאס אויף איהר ליגט דער חוב צו היטען דעם קייזער פון יעדער געפאהר, און אז עס וועט ווידער קומען אמאל די צייט, ווען בערלין וועט האבען ה,זה ארויסטרעטען נעגען די רעגירונג, ווי אין דער מרידה פון יאהר 1848, וועט זי, די גווארדיע, מיט איהר געוועהר פערטרייבען די בעלי העזה'ניקעס.

אלע דייטשע צייטונגען זענען שטארק פערוואונדערט פון אזוינע רעדען. ווי קומט דער קייזער, פרעגען זיי, צו רעדען פון א מרידה אין א צייט, ווען עס איז אומעטום רוה און פריעדען? דער הויפט פיהלט זיך בעליידיגט די שטאדט בערלין און דער בערלינער מאגיסטראט רעכענט אויסצודריקען זיין בעוואונדערונג וועגען דעם קייזערס רעדען, וועלכע ווערען געהאלטען פאר א בעליידיגונג, וואס איז פון קיינעם ניט פערדינט געווארען.

י. ל.

---

## בריעף פון לאנדאן.

דער פארלאמענט האט זיך געעפענט און אין דער טראהן־רעדע איז דאס געזעץ געגען איינוואנדערער ניט דערמאנט. דאס איז א בעווייז אז פאר די קומענדע צוועלף חדשים וועלען מיר דערפון ניט הערען, ווענינגסטענס — פון פארלאמענט.

דאס איז, ווי צו זאגען: עטוואס א שטיין פון הארצען אראבגעפאלען. פאר די לעצטע עטליכע יאהר איז דאס געזעץ געגען פרעמדע איינוואנדערער געהאנגען ווי א שווערד איבער אונזערע קעפ. דאס איז דאס ערשטע געזעץ, וואס איז געריכטעט געגען יודען. דאס מיינט מען יודישע איינוואנדערער און קיין אנדערע. אזא געזעץ, אדער דער פארשלאג אליין אזא געזעץ דורכצופיהרען, איז א פאטש אין פנים פאר די יודען, און בעזאנדערס פאר די פרעמדע יודען. דאס איז זיכער ניט אזא קאמפלימענט פאר אונז, ווען מען ווייזט אונז, וואס פאר טייערע געסט מיר זענען דא, אז עס איז נייטהיג א ספעציעלעס געזעץ פון פארלאמענט, כדי אזעלכע געסט ווי מיר זאלען מעהר ניט קומען.

יעדעס מאל דעריבער, איידער דער פארלאמענט עפענט זיך, ווארטען מיר מיט א בעזונדערען אינטערעס אויף די טראהן־רעדע, וועלכע דינט פאר א פראגראם פון דער רעגירונג, און יעדעס־מאל, ווען מיר זעהן דאס די פרעמדע ווערען ניט דערמאנט, ווערט עטוואס לייכטער אויפ'ן הארצען.

דער פלאן צו פערשליסען ענגלאנדס טויערען פאר די פרעמדע, וואס קומען דורך האמבורג, איז קיין נייער. הערר ארנאלד אוײט, דער וואס איז שפעטער געווען אין רוסלאנד אין דער שליחות פון פערשטארבענעם באראן הירש, האט נאך מיט פונפצעהן יאהר צוריק, זיך בעמיהט צו בעווייזען דאס די רוסישע יודען פערדארבען די מאראל און גוטע זיטען פון דעם ענגלישען פאלק. די רוסישע יודען זענען לויט ארנאלד אוײט נור פעהיג צו האנדלען מיט אלטע קליידער און נייע ביליגע שיך. ה. ארנאלד אוײט האט איינגעוויזען: דאס מען קען ניט פערגלייכען די עמיגראנטען פון רוסלאנד צו די הוגענאטען, וועלכע מען האט גערודפ'ט אין פראנקרייך פאר זייער גלויבען און וועלכע האבען זיך בעזעצט אין לאנדאן. די לעצטע האבען נאך לאנדאן געבראכט די אינדוסטריע פון זייד וואס זיי האבען שטארק ענטוויקעלט. אויס'ער דעם זענען זיי געווען מענשען פון א הויכען כאראקטער. זיי זענען געווען די בלומען פון פראנצויזישען פאלק. זיי האבען נאך ענגלאנד מיטגעבראכט די ליעבע צו פרייהייט, א ריינעם גלויבען און א הויכע מאראל א. ז. וו. די רוסישע יודען, נאך ארנאלד אוײט, זענען נור בעשאפען צו שווינדלען, צו מאכען געלד דורך אלערליי מיטלען אין זענען די פסולת פון רוסלאנד. ארנאלד אוײט האט געהאט א סך אנהעננער צווישען קריסטען ווי צווישען יודען. דאס איז איין אפענער סוד, דאס מאנכע פון די פיהרער פון דער געמיינדע האלטען אז די פרעמדע יודען זענען א'נ'אומגליק פאר דאס ענגלישע פאלק ווי פאר די ענגלישע יודען. הערר נ. ס. דזשאזעף, א שוואגער פון גראנד־ראבינער דר. אדלער, זאגט דאס אפען ארויס. ער זאגט: דאס אויב די ענגלישע וועלען די רוסישע יודען ניט ארויפציהען אין דערהויך, וועלען די רוסישע אראבשלעפען די ענגלישע טיעף אין בלאטע. — דער מיינונג זענען אויך געווען א סך פון די פיהרער פון די ארבייטער־פעריינען און אנדערע עוסקי בצרכי צבור, אין די פראקטישע פאליטיק איז דאס אבער ניט אריינגעקומען. אין 91־סטען יאהר, אין דער צייט וואס די עמיגראציאן נאך ענגלאנד איז געווען אין גרעסטען שטראם, האט דער דאמאלסדיגער מיניסטער פאר אינערליכע אנגעלעגענהייטען, הערר מאטיוס, אויף א פראגע אין פארלאמענט, געענטפערט: דאס די רעגירונג האט ניט אין זינען צו נעהמען וועלכע ס'איז מיטלען געגען די איינוואנדערונג, ווייל זי זעהט אין דעם קיין געפאהר. מיט א יאהר שפעטער, ווען גלאדסטאן איז צוריק אריינגעטרעטען אין מיניסטעריום און ווען עס איז ווידער אין פארלאמענט בעריהרט געווארען די פראגע וועגען דער עמיגראציאן, האט גלאדסטאן געזאגט: דאס אזא זאך ווי צו פערמאכען די טויערן פון ענגלאנד פאר פרעמדע איינוואנדערער, איז געגען אלע ענגלישע טראדיציאנען און געגען אלע יסודות פון פרייהייט.

דאס ערשטע מאל, ווען א פעראנטווארטליכער פאליטיקער האט די עמיגראציאנס־פראגע אין האנד גענומען, איז געווען נאכדעם ווי פרעזידענט קארנא איז ערמארדעט געווארען דורך איין אנארכיסטישען מעסער. לארד סאליסבורי האט דאן פארגעלייגט אין הויז פון די לארדען, מען זאל די איינוואנדערונג פון פרעמדע בעגרענעצען, כדי ענגלאנד זאל אויפהערען צו זיין א נעסט פאר אנארכיסטען און זייער גלייכען. ביי דער צווייטער פארלעזונג אין דעם הויז פון די לארדען האט סאליסבורי אויך דערמאנט די עמיגראנטען, וואס קומען דורך האמבורג, וואס פאלען צו לאסט אויף די בעפעלקערונג און טרייבען ארויס די ענגלישע ארבייטער פון די פאבריקען דורך די צו ביליגע ארבייט.

די זאך איז דאן שטיל געווארען ביז די וויבארעס פאר'ן פארלאמענט אין יאהר 1895. הערר טשעמבערלען, דער קלוגער פיקסיל, וואס איז זעהר געשיקט צו פאנגען שטימען, האט דאן פערפאסט זיין „סאציאלעס פראגראם", וואו ער האט דעם עולם דעם טעלעריל פון הימעל צוגעזאגט, אז מען וועט נור אן איהם און אן זיין פארטיי ביי די וויבארעס ניט פערגעסען. ער האט דאן צוגעזאגט פענסיאנען פאר אלטע לייט, די רעגירונג זאל העלפען ארבייטער בויען אייגענע הייזער און צווישען אנדערע זאכען, — אויך דעם אבהאלט פון דעם שטראם פון די פרעמדע אין ענגלאנד. ער האט איינגעוויזען דאס די

פרעמדע זענען א געפאהר פאר דאס לאנד און דאס וועט זיין פאר אלעמען א גליק, אז מען וועט די פרעמדע אהער מעהר ניט אריינלאזען. די צוזאגעכטסען האבען ביי די וויבארעס פיעל געהאלפען, און דאס מיניסטעריום פון סאליסבורי און טשעמבערלען האט געקראגען א געוואלדיגע מעהרהייט.

אין דער ערשטער טראהן־רעדע נאך די וויבארעס פון 1895 איז דאס געזעץ געגען די איינוואנדערער ווירקליך געוועזן דערמאנט. די רעגירונג האט אבער גיך געפונען פיעל וויכטיגערע ארבייט מיט וואס איהר צייט צו פערברענגען, ווי אבגעבען זיך מיט עמיגראנטען, וואס קומען פון האמבורג. דאס מיניסטעריום איז גלייך פערפלאנטערט געווארען אין שוועריגקייטען פון אלע זייטען. עס איז אנגעקומען דער איבערפאל פון דר. דזשעמסאן איבער טראנסוואל, א צופאל וואס האט געפיהרט צו דער יעצטיגער מלחמה. עס האט דאן אויך גע־האלטען אין אויסברעכען א מלחמה צווישען ענגלאנד און אמעריקא.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האט מען אן די יודען אין גאנצען פערגעסען. דער צושטאנד פון מיניסטעריום האט זיך קיין מאל ניט פערריכט; יעדע זאך וואס די רעגירונג האט געטהון איז איהר פון די הענד געפאלען; זי האט געהאט שוועריגקייטען אין מזרח און אין מערב, אין לאנד און אין אויסלאנד. זי האט די גאנצע צייט געהאט אזוי פיעל צו טהון, דאס זי האט ניט געפונען א מינוט צייט אבצוגעבען זיך מיט פרעמדע איינוואנדערער.

ביי די וויבארעס אין דעם לעצטען יאהר האט דאס געזעץ געגען איינוואנדערער נאך איין ערנסטערע פארם ווי פריהער אנגענומען. אין די געגענדען, וואו די יודען וואהנען און די קריסטען ליידען פון זייער קאנקורענץ, איז די איינוואנדרונגס־פראגע געוועזן איין אויסגעצייכענטער מיטעל צו פאנגען שטימען, און דאס מאל האבען ווירקליך אלע געגלויבט, אז דאס געזעץ געגען די איינוואנדערער וועט זיין דערמאנט אין דער טראהן־רעדע, און די רעגירונג וועט שוין איצט דאס געזעץ דורכפיהרען. די טראהן־רעדע האט אבער יעצט איבער דעם א ווארט ניט ענטהאלטען. מעגליך דאס דער קעניג האט אין זיין ערשטער טראהן־רעדע ניט געוואלט האבען א זאך, וואס איז געגען די ענגלישע טראדיציאן, אויך געגען די יודען, מיט וועמען ער איז זעהר גוט בעפריינדעט, און עס איז אויך מעגליך, דאס די רעגירונג איז צופיעל בעשעפטיגט מיט אנדערע זאכען און קען זיך דערמיט איצט נישט אבגעבען.

הערר האווארד ווינצענט, א דעפוטאט פון פארלאמענט, וואס שרעקט זיך אב פאר אמעריקאנער מאשינען, פאר דייטשע בערשטליך און פאר רוסישע יודען, האט די רעגירונג געפרעגט אויב זי האט זיך אבגעזאגט פון דעם איינוואנדרונגס־געזעץ, וואס איז צוגעזאגט געווארען פון לארד סאליסבורי און אנדערע מיניסטארען. הערר באלפאר האט געענטפערט: דאס מיט דעם וואס אין דער טראהן־רעדע איז דאס געזעץ ניט דערמאנט איז נאך קיין בעוויז, דאס די רעגירונג האט זיך פון דעם געזעץ אין גאנצען אבגעזאגט.

מעגליך, דאס די רעגירונג וואלט זיך ווירקליך פון דעם אבגעזאגט; איבערהויפט האט זיך לארד סאליסבורים מיניסטעריום א נאמען געמאכט אין ניט האלטען ווארט, און מר. באלפאר, דער מפלפל, דאס גמרא־קעפיל פון דעם בעקאנטען בוך „דער גרונדשטיין פון גלויבען", האט פון דעם ניט־האלטען ווארט א טהעאריע געמאכט. ער האט מיט א פאר טעג צוריק איינגעוויזען, דאס א רעגירונג איז בכלל ניט מחויב צו טהון דאס וואס זי האט צוגעזאגט, אויב די זאך ווערט פון איהר ניט פערלאנגט, וואס דאס געזעץ געגען די איינוואנדערער אנבעלאנגט ווערט דאס, ליידער, זעהר שטארק פערלאנגט. די רעגירונג ווערט אלע טאג דערמאנט פון איהר צוזאג. עס זענען דא א קלאסע פאליטיקער וואס דערמאנען דאס נאכאנאנד. דאסזעלבע טהוען פערשידענע צייטונגען, און אויב די רעגירונג איז דערפון צופריעדען אדער ניט, וועט זי זיין געצוואונגען דורכצופיהרען, אין א וועלכער ס'איז פארם, א געזעץ געגען די איינוואנדערער, און עס איז דערום מעגליך, אז די צופלוכטס־ערטער פאר ארימע יודען, זאלען באלד פערשלאסען ווערען פאר זיי.

י. ל. דאלידאנסקי.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

נאך פסח; אויס מלך; א נחלה; „די וועלט" איז אונטערגעגאנגען; יודישע קרבנות.

די מלחמה האט זיך געענדיגט...

דער ווינטער האט זיך געראנגעלט, ניט געוואלט אבטרעטען זיין פלאץ, נאר דער פריהלינג האט זיך געשטעלט אקעגען און מלחמה געהאלטען וואס אמאל שטארקער און שטארקער. דער ווינטער האט צוזאמענגענומען אלע זיינע לעצטע קרעפטען און האט אין מיטען שיינען פון דער פריליהגנס־זון אויסגעשאטען א שניי. ביי נאכט האט ער זיך ארומגעפעסטיגט מיט פרעסטליך, און דער ווינטער געוועלטיגט וויעדער... אויף מארגען, ווען אלע זענען נאך געשלאפען, האט זיך וויעדער בעוויזען די פריהלינגס־זון מיט איהר גאנצען גלאנץ און שטאלץ און האט די ווינטערפעסטונגען צושטערט און געמאכט פון אלעס בלאטע.

די איינוואהנער אין די ערטער, וואו די מלחמה איז פארגעקומען, האבען אלע געהאלטען מיט דעם פריהלינג, און ווי זיי האבען דערזעהן, אז ער איז גובר דעם ווינטער, האבען זיי אויך געהאפט זייער בעל־הבית'יש געוועהר—לאפאטעס מיט זאסטופעס און צושארט דעם שניי מיט דער בלאטע, דער פריהלינג האט דערביי ניט אויפגעהערט שמעלצען. דער ווינטער האט געזעהן, אז עס האלט שלעכט, איז ער ארויס אין מלחמה מיט זיינע לעצטע מיטעל, געמישט שניי, רעגען מיט האגעל צוזאמען, געשאטען מיט קאשע, געבלאזען מיט ווינטען, אבער דער פריהלינג מיט זיינע יונגע קרעפטען האט זיך נאך שטארקער מיט זיין געוועהר געווארפען אין די מלחמה.

עס איז געוועזען א מלחמה אויף טוידט און לעבען און נאך עטליכע מאוסע שלעכטע ביטערע טעג מיט פליוסען, צייהנוועהטיג און פערקיהלענישען האט זיך ענדליך די שטארקע מלחמה געענדיגט.

דער פריהלינג האט גובר געוועזען... דער ווינטער איז געפאל'ען...

די גרויסע שטעדט האט דער פריהלינג פריהער איינגענומען, עס איז שוין אומעטום טרוקען, מען שפאציערט שוין אין די שטאדטגערטנער און אין די קליינע שטעדטליך וואלגערען זיך נאך די טוידטע ביינער פון דעם ווינטער — די אבגעגעלטע שוואכע שטיקליך שניי און אין ערטערווייז בלאטקעליך.

נאר דער יונגער שטארקער גבור רוהט ניט, ער ארבייט פלייסיג און מאכט אומעטום ארדענונג.

דער פריהלינג געוועלטיגט איצט אומעטום — ער לעבט, אין יעדען און אין אלעס בלאזט ער אריין פריש לעבען.

יעדער האָט חשק איצט צו טהון, אַרבייטען מיט פרישע קרעפטען.

יעדער, אפילו די שוואַכסטע, זענען איצטער פול ענערגיע, קיין שום אַרבייט איז איצט פאַר קיינעם ניט שווער, אַלעס לעבט איצט אויף, אַלעס וואַקסט און עס וויל זיך יעדען אויך לעבען, וואַקסען, טהון, אַרבייטען.

נאר, גוואַלד, וואָס טהוט מען, צו וואָס נעמט מען זיך, וואו נעמט מען אַרבייט, פרנסה, מפרנס זיין ווייב און קינדער, א ווינטער איז געוועזען א שלעכטער, א ביטערער, א הונגעריגער, געשעפטען שלעכטע, די קאנקורענץ אין מסחר איז גרויס. איצט איז נאָך פסח, די וועלט איז אָפען, גוואַלד וואָס טהוט מען!

אָט די קולות שרייען די פעק בריעף פון די יודישע שטעדטליך, וואָס ליגען איצט פאַר מיינע אויגען. אין דער ליטא איז ניט דאָ פאַר יודען קיין געשעפטען, אין פוילען הערען ניט אויף דער קריזיס און נייע אנזעצען און אין דעם אמאָל געבענשטען בעסעראַביען שטארבט מען פראסט פאַר הונגער.—קיין איינציגער פרעהליכער בריעף, קיין איינציג גוט ווארט, וואָס איך זאָל קענען בענוטצען פאַר מיינע „שטעדט און שטעדטליך".

און אין וועלכער צייט בעקום איך אזוינע טרויריגע בריעף?—באַלד נאָך פסח, אין אַזא גאָלדענע, צייט, ווען אלעס לעבט. ווען אַלעס וואַקסט, ווען די וועלט איז אָפען!

ניט נור מיינע קארעספאדענטען, נאר אפילו די קליין שטעדטילדיגע פאעטען זענען איצט אין אזא פאעטישע צייט ווי נאָך פסח אויך שלעכט געשטימט.

דער פאעט בעט „דורכאויס דרוקען זיין שיר „אויס מלך" אין דעם נאָך פסח'דיגען נומער „יוד", און מיר ברייננען איהם דאָ מיט זיין לשון.

„ווי גרויס דער קאָנטראַסט איז פון נעכטען ביז איצטער!
„בעשרייבען דאָס קען קיינער ניט.
„געוועזען דאָך אקאַרסט א מלך, אַ גבור.
„און איצט איין גאַנץ אָרעמער יוד!
„געזעסען אויף קישענס ביין טיש דעם געפוטצטען,
„פון הדרה דער שטערן געשוויצט.
„היינט שטעה איך געשפאנט שוין אין צרות אין שווערע,
„א קנעכט שטאַרק געפלאָגט בין איך איצט!
„געזעסען בשלוה אָהן פיין און אָהן דאגות,
„געהלומט פון פרייהייט, פון ליכט,
„היינט שטעה איך אין שרעק שוין, ניט זיכער מיין לעבען,
„פערשוואַרצט ווי אַ קנעכט דאָס געזיכט!
„געזעסען גאַנץ רוהיג ביין טיש און געגעסען,
„וואָס זעלטען א יודען פאַסירט—
„היינט שטעה איך אויף שפילקעס, איך קען שוין ניט רוהען,
„א קנעכט בין איך ווידער ביין ווירט.
„איך שטעה שוין אין דאגות־היונה פערטיעפט שטאַרק;
„אין זוכען אין יאָגען מיין גליק;
„משמעות, דער חמץ האָט שטאַרק זיך בעליידיגט,
„און וויל ניט אריין געהן צוריק.—
„אַ חלום אַ זיסער, ניט מעהר ווי אַ חלום,
„דער סדר, די מלוכה, דאָס גליק!

„די וואהרהייט געשטירצט האָט פון טראָן מיך אַרונטער
„געשליידערט אין קנעכטשאַפט צוריק".

מ. ג. דיאמאנט."

---

ביי דעם אַלעמען הערען ניט אויף אונזערע צייטונגען צו רעדען וועגען סענקעוויטשעס נחלה, וואָס די פאליאקען האָבּ איהם געשיינקט און הערען דעריבער ניט אויף צו מאַכען פאָרווירפע, פאַר וואָס יודישע שרייבער בעקומען ניט פון יודען קיין נחלות. סענקעוויטשעס נחלה לאָזט יודישע שרייבער ניט רוהען, אפילו מיינע קליינשטעדטילדיגע קארעספאנדענטען האָבען שוין אויך פערטראַכט זיך קויפען נחלות פון זייער שרייבעריי.

י. ג. פון פיראַטין (פאלט גוב.) שרייבט אונז, אַז די אַלטע שוחט'קע איז ביי זיי אין שטעדטיל דערטרונקען געוואָרען אין דער מקוה, זי איז געוועזען זעהר א פרומע און טייערע יודענע, ער קען דאָס בעשרייבען פאַר דעם „יוד" אין פראָזע אָדער אין שירים און אפשר מאַכען דערפון איין „סקיצע", נאָר די רעדאַקציע זאָל איהם באַלד ענטפערען אויף זיין בייגעלעגט פאסטקאַרטיל, ווי טייער זי צאָהלט פאַר פראָזע, שירים אָדער פאַר איין סקיצע.

א. ה. פון מעזבוז (פאָד גוב.) שרייבט: איך האָב אַ סך כתבים, ראָמאַנען, ערצעהלונגען, פעליעטאָנען, שירים, נאָוועלען און סקיצען, ענטפערט מיר באַלד אויף דעם בייגעלעגטען פאסטקאַרטיל, וויפיעל אייער רעדאַקציע צאָהלט פאַר אַ שורה...

כמעט אַלע „פינע טינטלערס" פרעגען איצט אָן אין די יודישע רעדאקציעס, ווי טייער מען צאָהלט פאַר אַ שורה.

ווען זילבערמאַן ז"ל, דער רעדאַקטאָר פון „המגיד" אין ליק, זאָל איצט אויפשטעהן פון קבר און לייענען אַזוינע בריעפליך פון יודישע שרייבער, „ווי טייער די צייטונג צאָהלט פאַר אַ שורה" וואָלט ער געווים נאָך אַמאָל געשטאָרבען פאַר שרעק.

ווי ווייט אָבער אונזערע שרייבער קענען פון זייער שרייבען קומען אַמאָל צו נחלות און בכלל וויפיעל יודישע רעדאַקציעס קענען „צאָהלען פאַר אַ שורה פון פראָזע, שירים און סקיצען" קען מען, צו אונזער גרעסטען בעדויערען, זיך דערוויסען אויס דעם Nr. 13 פון דער זשאַרגאָנישער „וועלט".

אין דעם נומער איז מודיע די רעדאַקציע: „וויל אונזער זשאַרגאָן „וועלט" איז ניט גענוג געשטיצט געוואָרען פון אונזערע ברידער די ציוניסטען אַזוי אַז דאָס בלאַט זאָל ווייטער קענען עקזיסטירען, האָבען די בעלי־בתים פון דער „וועלט" בעשלאָסען, דאָס בלאַט זאָל אין גאַנצען אויפהערען צו ערשיינען"

פינף מיליאָן יודען, פון וועלכע פיער מיליאָן פערשטעהען ניט קיין אַנדער שפּראַך ווי זשאַרגאָן, זאָלען ניט קענען אויסהאַלטען קיין צוויי צייטונגען!...

נחלות וויל זיך אונז יודישע שרייבער!...

„א בעטיל פון שטריק מיט אַ שטרויענעם זאַק,
„אַ בענקיל, א טישיל, אַ טינטער, אַ פּעדער,
„עטליכע ספרים און כתבים אַ פּאַק,
„דאָס איז אין גאַנצען דאָס ווירטשאַפט אין הדר

. . . . . . . . . . . . . . . .

„אַ, יודישער שרייבער, אָט דאָס איז דיין דאַנק
„אין פרעמדע תכריכים ביזט דו געשטאָרבען!

„איבּיג צו ליידען, ארים זיין — קראנק,
„דאס איז דיין גורל, יודישער קינד!!"

אמה.

---

## מען שרייבּט אינז.

באקו (קאווקאז): אין „יוד" האט איינער מיט דעם נאמען „היהודי" פארגעשטעלט אונזער שטאדט פאר א מין גן עדן פאר בעלי מלאכות וועלכע מען זוכט זיי דא מיט ליבּט, און אזוי ווי יודישע בעלי מלאכות, האבען דאס מעהר קיין ארבּייט ניט אין דער „טשערטא" אדער זיי פערדיענען ווינציג, קענען זיי קימען קיין באקו, וואו זיי קענען האבען פרנסה ברוח.

מיך וואונדערט אויף דעם ה' היהודי, וואס זיין גוט הארץ ניט איין עצה א וועלט מיט מענשען, ניט בעטראכטענדיג וויפיעל הונדערטער מענשען קענען דורך דעם ליידען.

אלס איינוואהנער פון באקו רעכען איך פאר מיינעם א חוב מעהר אדער וועניגער צו פערהיטען די בעלי מלאכות, וואס ווילען מאכען צו אינז א נסיעה, כדי זיי זאלען דערנאך ניט קלאגען אויף דער צייט און געלד און נאכהער ניט פאלען אלס לאסט אויף די הינגע יודישע געמיינדע. דערום וויל איך דא די לעזער פון „יוד" מעהר בעקענען מיט דעם לעבען פון הינגע בעלי מלאכות.

אמת, ארבייט געפינט זיך ביי אונז פיעל, אבער עס געפינען זיך ביי אונז אזוי פיעל ארבּייטער, אז די קאנקורענץ צווישען זיי איז ניט קלענער ווי אין אנדערע שטעדט.

דאס איז אויך אמת, אז פאר ארבייט צאהלט מען דא טייערער. דער ארבייטער, וואס בעקומט אין דער ליטא אדער פוילען 75 קאפּ. דעם טאג, בעקומט דא פון 1 רובל 20 קאפּ. ביז 1 רובל 40 קאפּ. דערפאר אבער איז דאס לעבענסמיטעל דא זעהר טייער, א דירה פון 1 קליין צימער איז פון 12 ביז 16 רובל און פון 2 צימער פון 20 ביז 25 רובל א חודש; מען מוז בעמערקען אז מעהר טהייל פון קליינע דירות זענען אהן קיכענס, מען מאטערט זיך דא מיט דעם קאכען אויף קעראסין מאשינקעס. דאס ערגסטע איז פאר א בעל מלאכה, וואס דא איז שווער צו קריגען אזא סארט דירה, אין וועלכער מען זאל קענען האלטען א ווארשטאט און ווען מען קריגט עס, קאסט עס פון 40—50 רובל א חודש. שיך און קליידונג קאסט דא צוויי מאל אזוי טייער ווי אין ווארשא. ברויט, וואס קאסט דא $2\frac{1}{2}$ קאפּ. א פונט, וועלען אונזערע ליטווישע און פוילישע יודען נישט קענען אין מויל נעמען, ווייל עס איז נישט פון ריינע קארען, דאס מעהר עסען דעריבער וויים ברויט, וואס קאסט 4 קאפּ. א פונט.

קוילען איז דא פון 75 ביז 80 קאפּ. א פוד, אפילו וואסער איז דא א גרויסע הוצאה — 2 קאפּ. איין עמער.

פון די הוצאות קענט איהר זיך פארשטעלען, וויפיעל א בעל מלאכה דארף אויסארבייטען פאר א חודש צייט, ער זאל קענען מיט דעם לעבען אויסקומען און ווי איז שוין, ווען עס טרעפט דאס איין אדער צוויי חדשים נעהמט אוועק און מען דארף ניט וואס צו טהון.

די סליעסארס, שמידען און מעכאניקער, וועלכע ווילען קומען קיין באקו, דארפען זיין קערפערליך געזונד, אים זיי זאלען קענען איבערטראגען די גרויסע היטצען און די שווערע לופט, וועלכע עס שלאגט פון דער מאזוט און קעראסין און פון די פיעל זאוואדען. די סטאליארעס, וואס ארבייטען אוים מעבעל, דארפען זיין אמת'ע גיטע ארבייטער, ווען ניט וועלען זיי ניט קענען קאנקורירען. שוסטער, שניידער, בוכבינדער און וייגערמאכער קענען קריגען ערטער ביי א צווייטען צו ארבייטען פאר בּיליגע פרייזען, אבער ארבייטען זעלבסשטענדיג איז זעהר שווער אין דער ערשטער צייט, ערשטענס איבער די גרויסע הוצאות, וועלכע איך האב פריהער אויסגערעכענט, און צווייטענס ברויכט מען זיין בעקאנט מיט דעם הינגען לעבען און מיט די הינגע מענשען.

קיינע יודישע צדקה חברה איז אין באקו ניט דא.

ה' היהודי שרייבּט אז פאר קינדער לערנען געפינען זיך דא מלמדים. דאס איז ניט ריכטיג, צו לערנען א קינד יודיש איז דא זעהר שווער, קיין מלמדים האבען דא ניט דאס רעכט צו וואהנען און דערום געפינען זיי זיך ביי אונז זעהר ווינציג. צו האלטען דא א מלמד פאר א קינד איז ניט פאר קיין בעלי מלאכות קעשענע.

דאס אלעס האב איך געפונען פאר נייטהיג צוצינעבען צו ה' היהודי'ס קארעספאנדענץ אין „יוד", כדי די בעלי מלאכות, וואס ווילען קומען קיין באקו זאלען פאריוס דאס אלעס וויסען. עוריאל איזאקסאן.

באברויסק: מיט דער ערלויבניש פון פינאנץ־מיניסטער איז ביי אונז געגרינדעט געווארען „א אנלייהשפארקאסע פאר בעל מלאכות. די געזעלשאפט האט איהר צוועק צו העלפען די בעל מלאכות און קלענערע סוחרים, וועלכע פלעגען מוזען לייהען געלד ביי די מלוים, אדער ווי מען רופט זיי דא „וואכערניקעס", און פלעגען צאהלען אזוינע גרויסע פראצענטען, אז עס פלעגט אויפעסען דעם קרן. די געזעלשאפט נעמט נור 10 פראצענט, אויך קעהרט זי אום די גענומענע פראצענט, ווען דער לוה ברענגט אב פאר זיין צייט.

די געזעלשאפט איז אויך בעפרייט פון וועקסיל־פאפיער און אלע איבריגע „גערבאווע־סבארען".

איינינע פון אונזערע גבירים, אום צו שטיצען אויף דער ערשטער צייט די געזעלשאפט, האבען אריינגעטראגען אין קאסע געוויסע סומען געלד אויף א יאהר אהנע פראצענט. ה' פ. קאצענעלזאהן 1000 רובל, ה' א. אסתרין 300 רובל, ה"ה י. ליפשיץ, י. נאלאנט. האלבערשטאדט, יעדער צו 200 רובל; ה"ה י. מ. ריווקין, י. אסתרין, י. קליינערמאן, סאלאווא, דאבקין יעדער צו 100 רובל, ה"ה לוריא, ב. קאצענעלזאהן, א. כהן — צו 50 רובל; אויך דער קלענערער עולם פערשטעהט און פיהלט די נוטצען פון דער געזעלשאפט און צייגט דאס מיט זיין טראגען אין געזעלשאפט אלע זיינע אבשפארונג און נדן געלד. איעלכע געלדער זענען אריינגענאנגען ביז 1־טען יאנואר 1901—5000 רובל, פאר וועלכע די געזעלשאפט צאהלט פון 4 ביז 6 פראצענט יעהרליך.

ביז צום 1־טען יאנואר צעהלט די געזעלשאפט איהרע 440 מיטגליעדער, פון וועלכע 200 האבען שוין געליהען ביז 9900 רובל — מייסטענס אויף 8 אדער 10 חדשים אויף אויסצוצאהלען פון 5 ביז 10 רובל א חודש. דאס בעפרייאונג פון די וואכערניקעס פיהלט מען שוין ביי אונז אין שטאדט.

א גרויסען דאנק פערדיענט ה' פלטיאל קאצענעלזאהן, וועלכער האט פיעל געארבעט און ניט גערוהט, ביז די געזעלשאפט איז געגרינדעט געווארען, און אויך ה' יצחק ליפשיץ, וועלכער קומט יעדען טאג אין געזעלשאפט אהן שום בעלוינונג פאר זיין צייט.

איינער פון די מיטגלידער.

חב"ר פון דרוזגעניק (גראד. גוב.): ביי אונז איז געגרינדעט געווארען א יודישע ביבליאטהעק, אין וועלכע עס געפינט זיך שוין 700 עקזעמפלארען. די חברה מפיצי השכלה פון פעטערסבורג האט אונז אויך צוגעשיקט 50 עקזעמפ.

יהודית גרינבערג פון מיראפאל (וואהל. גוב.): אין דער תלמוד תורה „בית שמואל" וואס איז שוין זייט צוויי יאהר געגרינדעט געווארען לזכרון הרב ר' שמואל מאהיליווער ז"ל האבען אין אנהויב די פרומערע ניט געוואלט שיקען זייערע קינדער, ווייל זיי האבען געהאט א פאלשע מיינונג וועגען דעם לערנען דארטען. איצט האבען זיך אלע ענדליך איבערצייגט אז אין „בית שמואל" לערענט מען ניט קיין אפיקורסיש. אזא מיינונג האבען ארויסגעטראגען אונזערע רבנים, וועלכע האבען ניט לאנג בעזוכט די תלמוד תורה און פערהערט די קינדער חומש מיט רש"י און גמרא. אויף אלע זייערע פראגען האבען די קינדער געענטפערט אויסגעצייכענט. און דער שם־רע וועגען „בית שמואל" איז פערביטען געווארען אויף א שם־טוב.

---

# די יודישע וועלט.

**רוסלאנד.** — ה׳ ל. ס. פאליאקאוו, וועלכער איז ארומגעפאהרען אין יעליסאוועטער אויעזד אין שליחות פון איין אדעסער חברה, שרייבט וועגען דעם מצב פון די נויטבעדירפטיגע אין דער דאזיגער געגענד: אין צפון זייט פון יעליסאוועטגראדער אויעזד אין 20 ערטער האב איך פערשריעבען 731 יודישע פאמיליעס אדער 3739 נפשות, וועלכע שטארבען פשוט פון הונגער. דער גרעסטער טהייל פון די נויטבעדערפטיגע זענען קליינע הענדלער און ארבייטער. די נויט איז אזוי גרויס אז מענשען ארבייטען כמעט אומזיסט.

די לאגע פון די נויטבעדערפטיגע ווערט אלץ שרעקליכער, דער הונגער איז נישט געקומען אליין! ער האט געבראכט מיט זיך קראנקהייטען, פערצווייפלונג און שרעק פאר דעם מארגעדיגען טאג. א פרומער יוד, איין אלטער מאן האט זיך געוואלט דאס לעבען נעהמען...

און ביי דעם אלעם שווייגען אונזערע נגידים און רופען זיך נישט אב אויף די פערצווייפעלטע געשרייען פון די אומגליקליכע. עס קומען נדבות גראשענס, וועלכע קלעקען נישט אפילו אויף טרוקען ברויט פאר א קליינעם טהייל פון די נויטבעדערפטיגע.

— סענאטסערקלערונגען. דער סענאט האט ערקלערט, אז דאס רעכט צו האלטען ביי זיך 2 דיענער־יודען האבען נור יודען מיט א געלעהרטען דיפלאם, אבער נישט אלע יודען, וועלכע האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, און אז דאס רעכט האבען אויך א אינזשענער־טעכנאלאגען, וועלכע האבען געענדיגט דעם קורס פון פעטערבורגער פראקטישען טעכנאלאגישען אינסטיטוט.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז יודען בעלי־מלאכות, וועלכע האבען אויפגעהערט צו פערנעהמען זיך מיט זייער מלאכה וועגען אלטקייט און שוואכקייט, איז ערלויבט צו בלייבען ווייטער אין דעם ארט, וואו זיי וואהנען, אויסער דער „טשערטא״.

— אויף דעם סיעזד פון אקטיארען און בכלל אלע מענשען וועלכע האבען א שייכות מיט טעאטער אין מאסקווא איז 3 מאל פארגעקומען די שאלה אויב יודען אקטיארען האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד. דעם 12־טען מארט איז פארגעלייענט געווארען אויף דער זיצונג איין פארשלאג, מען זאל זיך סטארען ביי דער ממשלה, אז יודען אקטיארען זאלען האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד. צוגלייך איז אויך פארגעלעגט געווארען אז מען זאל אין די כארען און ארקעסטרען נישט צונעהמען מעהר ווי 40—50 % יודען און אויסלענדער צוזאמען. נאך אייניגע דעבאטען איז אנגענומען געווארען די רעזאלוציאן: מען זאל זיך סטארען ביי דער ממשלה אז מען זאל יודען — אקטיארען און אנדערע קינסטלער געבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, מיט דעם בעדינג אז זיי זאלען געהערען צו דער פערבינדונג פון רוסישע אקטיארען, ווי די רעזאלוציאן איז אנגענומען געווארען האבען זיך געלאזט הערען קולות, אז אויף דער זיצונג געפונען זיך בלויז יודען, און אז מען זאל נאכאמאל אבשטימען די שאלה.

דעם 15 מארט בשעת מען האט פארגעלעגט פאר דער אסיפה דעם פראיעקט פון אוסטאוו, אין וועלכען עס איז שוין געווען איינגעשלאסען דער פאקט „אז יודען מיטגליעדער פון דער פערבינדונג האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד״, איז ווידער געווארען א גערוואלד און א געשריי, אז מען זאל דאס נישט צולאזען, און ביי דער אבשטימונג איז דער אנטראג אבגעווארפען געווארען מיט 170 שטימען געגען 117.

ענדליך דעם 18 מארט איז ווייטער געקומען אויף דעם טיש די שאלה וועגען סטארען זיך אז מען זאל געבען יודען אקטיארען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, און דער אנטראג איז יא אנגענומען געווארען.

אויב די סטאראניעס פון דער פערבינדונג פון די רוסישע אקטיארען וועט אנגענומען ווערען וועלען יודישע אקטיארען האבען דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד אויף גרונד פון די אלגעמיינע געזעצע.

— דער צענטראל־קאמיטעט פון דער חברה יק״א אין פעטערסבורג בעט אונז אבצודריקען די דאזיגע מודעה:

„דער צענטראל־קאמיטעט איז ערפאהרען, אז פיעל פאמיליעס, גלויבענדיג פערשיעדענע פאלשע שמועות און פריוואט בריעף פון ארגענטינא פאהרען אוועק קיין אמעריקא, נישט פרעגענדיג דעם צענטראל־קאמיטעט״.

„כדי צו פערמיידען די שלעכטע פאלגען, וועלכע קענען דערפון ארויסקומען פאר די עמיגראנטען, זענען מיר מודיע, אז די וועלכע בעזעצען זיך אין ארגענטינע אהן דער ערלויבניש פון קאמיטעט און אהן עמיגראציאנס־קארטען (выходныя свидѣт.) קענען נישט רעכענען אויף די הילף פון דער חברה יק״א. אזעלכע עמיגראנטען וועלען נישט ווערען צוגעלאזען אין די קאלאניעס און נישט בעקומען קיין שום שטיצע״.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז בעלי־מלאכות—יודען, וועלכע האבען איועקגעלייגט זייער ארבייט וועגען קראנקהייט אדער שוואכקייט, מעגען בלייבען וואהנען אויסער דער „טשערטא״ ביי זייערע קינדער, וועלכע האבען דאס רעכט צו וואהנען אומעטום אין רוסלאנד. (וואסחאד נר. 22).

—דער פערוואלטער פון די שטאאטס־גיטער אין חערסאנער גוב און בעסאראביען ה׳ נ. ס. פאמאוו האט בעקומען ערלויבניש פון מיניסטער פון ערד־ארבייט צו געבען בתורת הלואה די יודישע קאלאניעס אין יעקאטערינאסלאווער גוב׳ 12,600 ר׳, וועלכע דארפען ווערען אויסגעצאהלט במשך פון 6 יאהר אהן פראצענט.

— דער יעליסאוועטגראדער ראבינער ה׳ וו. י. טעמקין האט בעקומען איין ערלויבניש פון מיניסטער דעם אינגערען צו מאכען א לאטעריע וואס די הכנסה דערפון זאל געהען פאר יודישע שטעדטישע ארימע לייט. די הכנסה פון דער לאטעריע דארף נישט זיין גרעסער ווי 1500 ר׳.

**דייטשלאנד.** — פראפ. פיליפזאהן, וועלכער האט פארגעלעגט אז מען זאל צונויפרופען אין דייטשלאנד א „יודענקאנגרעס״, שרייבט ווידער אין „אסט און וועסט״ נומער 2 וועגען די אויפגאבען פון „יודענקאנגרעס:״ אונזער ארגאניזאציאן, איהר שטענדיגער קאמיטעט און די קאנגרעסען, וועלכע זי וועט צונויפרופען פון צייט צו צייט, וועט פאר אלעמען קעמפפען מיט אלע מעגליכע מיטלען געגען בעגרענצונג פון די רעכטע, וועלכע זענען אונז צוגעזיכערט געווארען דורך די קאנסטיטוציאן. אהן אויפהער, נישט אבלאזענדיג קיין אייציגען פאל, וועלען מיר פאדערען די צוריקשטעלונג פון אונזערע זכיות דורך פארלאמענטען און ביי די רעגיערונגען פון די פערשיעדענע דייטשע מלוכות. מיר וועלען ווירקען אויף די צייטונגען, מאכען עפענטליכע פערזאמלונגען, בעאיינפלוסען די וויבארעם און שטיצען די קאנדידאטען, וועלכע זענען טריי דער קאנסטיטוציאן. מיר וועלען ארבייטען צו פערשטארקען דעם יודישען זעלבסטגעפיהל, צו פערבעסערען די עקאנאמישע לאגע פון די יודען, און ווי ווייט מעגליך אויך צו העלפען אונזערע אומגליקליכע ברידער אין מזרח. עס איז יעצט א וויכטיגער מאמענט אין לעבען פון די דייטשע יודען... וועלען מיר זיין ווירדיגע קינדער פון אונזערע גרויסע אבות, אדער זענען מיר באמת איין דערשלאגענע און געפאלענע נאציאן, וועלכע איז נישט אימשטאנד זיך צו ראטעווען פון דער געפאהר?״

לויט די לעצטע ידיעות, איז דער אויפרוף פון פראפ׳ פיליפזאהן נישט געבליעבען אהן א ווירקונג. די פערזאמלונג, וועלכע איז געווען אין בערלין פון דעפוטאטען פון פערשיעדענע יודישע קהלות האט בעשלאסען צו מאכען די נייטהיגע הכנות צום צונויפרופען פון דייטשען „יודענקאנגרעס״.

— שחיטה. די העכסטע אינסטאנץ אין פרייסען פון געריכטליך — אדמיניסטראטיווע ענינים האט ערקלערט, אז דאס רעכט איינצופיהרען געוויסע ארדנונגען אין די שלאכטהייזער און צו בעשטעטיגען א געוויסען אופן פון שחיטה געהערט אין גאנצען צו די מאגיסטראטען פון די שטעדט (דומעס). די אפיציעלע צייטשריפט פון דער געריכטליך־אדמיניסטראטיווער אינסטאנץ „דאס פרייסישע פערוואלטונגס בלאט״ בעמערקט וועגען דעם, „אז יעצט האט יעדע פרייסישע געמיינדע דאס רעכט מבטל צו זיין די יודישע שחיטה״...

— אייניגע נייגיריגע סטאטיסטיקער האבען געוואלט דערגעהען וויפיעל עס איז דא בעאמטע־יודען אין די פרייסישע מיניסטעריען. זיי האבען אנגעפרעגט און געוואהר געווארען, אז אין קריעגס־מיניסטעריום, פינאנצמיניסטעריום, מיניסטעריום פון פלאט, דעם אינערען און ערדארבייט איז נישטא קיין אייציגער יוד. דער פרייסישער יוסטיץ־מיניסטער שענשטעדט איז טאקי גערעכט וואס ער האט געהאט פאראיבעל אויף די פארווירפע וואס מען האט איהם געמאכט, דאס ער בעגרענצט די צאהל פון יודען־נאטארען. סטייטש אין אלע מיניסטעריען איז נישטא קיין זכר פון יודען און נאר ער לאזט זיי יא צו, און דא מאכט מען איהם נאך פארווירפע... צווישען די פראפעסארען איז יא דא א סך יודען, אבער נישט אזוי פיעל ווי מען מיינט: 80 — 90 פראפעסארען, און כמעט אלע יודישע פראפעסארען זענען אויסערארדענטליכע.

— לויט די פרייסישע געזעצע האבען רוסישע יודען נישט דאס רעכט צו וואהנען אין פרייסען. נאר אין קעניגסבערג וואהנען שוין פון לאנגע יאהרען רוסישע סוחרים—יודען, וועלכע האבען בעקומען דאס רעכט דארט צו וואהנען אליין אהן זייערע פאמיליעס, נאכדעם ווי זיי האבען צוגעשטעלט א צייגנים פון די שטעדטישע סוחרים אז זיי זענען ניצליך דעם האנדעל. איצט האט די פאליציי מודיע געווען אלע רוסישע יודען וועלכע האבען זיך פריש בעזעצט אין קעניגסבערג, אז לויט דער בעשטימונג פון מיניסטער און אבער־פרעזידענט זענען זיי מחויב במשך פון 3 חדשים ארויסצושיקען פון קעניגסבערג זייערע פאמיליעס און אויב נישט וועט מען זיי אליין ארויסטרייבען פון לאנד. אזעלכע סוחרים וועלכע וואהנען שוין לאנג אין קעניגסבערג מיט זייערע פאמיליעס לאזט מען זיצען אויך ווייטער.

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — דעם 4/III בשעת דער אבער פראקוראר פון הייליגען סינאד ה׳ פאביעדאנאסצעוו איז געזעסען ביי זיך אין קאבינעט איז צוגעגאנגען אין דרויסען צום פענסטער ניקאלאי קאנסטאנטינאוויץ לאגאווסקי, איין בעאמטער אין דער סטאטיסטישער אבטהיילונג פון דער סאמארער זעמסטווא און אריינגעשאסען מיט א רעוואלווער צוויי מאל. די קוילען האבען נישט געטראפען און ה׳ פאביעדאנאסצעוו איז געבליעבען אהן שאדען.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז לויט געזעץ האבען פאטער און מוטער גלייכע רעכטע אויסצוהאלטען און צו ערציעהען זייערע קינדער, נאר אין פאל, ווען זיי זענען נישט אייניג וועגען דער ערציהונג — ווענט איבער די

מיינונג פון פאטער. דאס אלעס איז נור געזאגט ביי עלטערן, וועלכע לעבען צוזאמען; אזעלכע אבער וועלכע זענען צושיידט האבען גאר א גלייכע דעה איבער דעם האדעווען פון זייער קינדער, און דער פאטער האט נישט מעהר צו זאגען איבער דעם ווי די מוטער. ווען דאס געריכט ערקענט דערום פאר גלייך, אז די מוטער זאל האלטען דאס קינד, קען עס דער פאטער ביי איהר נישט ארויספאדערען.

— דער „פראוויט' וויעסטניק" איז מודיע אז דעם 19-טען 24 און 25-טען פעווראל און 4 מארט זענען געווען סטודענטען—אונרוהען אין פעטער־בורג, חארקאוו און מאסקווא. דעם 19/II האבען זיך פערזאמעלט איינגע הונדערט סטודענטען און סטודענטקעס אויף דעם קאזאנער פלאץ, געפרובט האלטען רעדען און געגאנגען אלע צוזאמען אויף דעם נעווסקי פראספעקט. די פאליציי האט זיי אבער צוטריעבען און פערשריעבען זייערע נעמען.

אין מאסקווא האבען זיך צונויפגעקליעבען נעבען אלטען אוניווערזיטעט סטודענטען און סטודענטקעס בערך 300 פערזאן, האבען אויפגעבראכען די טהי-רען פון אקטען-זאל, אריינגערופען זייערע חברים פון דרויסען און געמאכט דארט איין אסיפה. די פאליציי האט ארומגערינגעלט דעם אוניווערזיטעט און אוועק-געפיהרט דעם גאנצען עולם אין מאנעזש און דארט פערשריעבען זייערע נעמען, צוזאמען 630 פערזאן, דארונטער 101 פרוי. די סטודענטען און אויך 8 סטו-דענטקעס זענען געבליעבען די גאנצע נאכט אין מאנעזש און אויף מארגען אוועקגעשיקט געווארען פארטיעס-ווייז אין דער עטאפ-טיורמע. דעם 24, 25, 26, און 4-טען מארט זענען אויך געווען פערזאמלונגען פון סטודענטען אויף די גאסען.

דעם 4-טען מארט האבען זיך צוזאמענגענומען אין פעטערבורג נעבען קאזאנסקי סאבאר פיעל סטודענטען און סטודענטקעס און אויך אנדערע מענשען, צוזאמען א המון, פון בערך 000‚ מאן. מען האט פונאנדערגעטהיילט דעם המון פלאקאטען און איין סטודענט האט זיך געשטעלט נעבען דער טהיר פון סאבאר און פארגעלייענט איין אויפרוף פון די פעטערבורגער סטודענטען. עס איז גע-ווארען א גרויסער רעש און געשריי. ווי עס איז אנגעקומען פאליציי און קאזא-קען, האט דער המון אנגעהויבען צו ווארפען אויף זיי פערשיעדענע זאכען. איינער האט געווארפען א האמער, מיט וועלכען עס איז פערוואונדעט געווארען איין אפיצער איסעיעוו. דעמזעלבען טאג האט מען ארעטירט 700 מענשען.

— ווי עס איז בעקאנט, האט דער סינאד מודיע געווען, אז גראף לעאן טאלסטאי איז אויסגעשלאסען פון דער פראוואסלאנער קירכע ווייל ער לייקענט אין די עקרים פון דער אמונה. אין די „צערקאווו' וויעדאמ' איז געדרוקט דער בריעף פון דער פרוי פון גראף לעאן טאלכטאי,מ' סאפיא אנדרעעוונא צום פעטערבורגער מיטראפאליט אנטאניוס און זיין אנטווארט צו איהר וועגען דעם ענין.

לייענדיג דעם בעפעהל פון סינאד אויסצושליסען מיין מאן פון דער קיר-כע און זעהענדיג אויך אייער נאמען אונטערגעשריבען. האב איך נישט געקאנט בלייבען גלייבגילטיג דאצו. נישט ווייל דאס שטיקיל פאפיר וועט איבערפיהרען מיין מאן פון יענער וועלט. דאס איז נישט ביי מענשען, נאר ביי גאט אין דער האנד. נאר פון געזיכטספונקט פון דער קירכע וועלכע דארף איינפלאנצען ליעבע צו מענשען איז מיר אונפערשטענדליך דער בעפעהל פון סינאד. דער בעפעהל וועט נור ארויסרופען ליעבשאפט און סימפאטיע צום גראף לעאן טאלמסטאי און מיר בעקומען שוין פיעל בעווייזע פון דער ליעבע אויס דער גאנצער וועלט. בעזונדערס בעקימערט מיך די ידיעה אז דער סינאד האט געגעבען א שטילען בעפעהל צו די גייסטליכע אז זיי זאלען נישט בעטען אין די קירכען פאר מיין מאן ווען ער וועט שטארבען. וועמען וויל דער סינאד בעשטראפען דאמיט? צי דעם מת, וועלכער פיהלט שוין גאר נישט אדער זיינע פערוואנדטע און גוטע פריינד? צי וועל איך נישט געפינען איין עהרליכען גייסטליכען, וועלכער וועט נישט מורא האבען פאר מענשען, נאר פאר גאט אדער — איין אומעהרליכען, וועלכען מען קען אונטערקויפען מיט געלד; כדי צו בעטען פאר מיין מאן? דאס איז אבער אין גאנצען איבריג פאר מיר. נישט די זענען שולדיג, וועלכע דערווייטערען זיך פון דער קירכע, נאר די וועלכע האבען זיך געשטעלט בראש און רודפ'ן די אמת'ע אנפיהרער א. ז. וו.

אויף דעם האט געענטפערט דער מיטראפאליט אנטאניוס, אז דער סינאד האט נישט געטהון קיין שום אכזריות, דערצעהלענדיג אז דער גראף טאלסטאי איז אויסגעשלאסען פון דע־ קירכע, נאר דער גראף האט זיך אליין שלעכטס געטהון אוועקגעהענדיג פון דער קירכע, די קירכע איז בעשאפען געווארען פאר גלוי-ביגע אבער נישט פאר אונגלויביגע.

בשעת עס איז ארויס א שמועה וועגען דעם גראף טאלסטאי'ס קראנקהייט, האבען זיך פיעל גייסטליכע געוועגדט מיט איין אנפראגע צום הייליגען סינאד אויב זיי זאלען מקבר זיין נאך דעם קירכליכען מנהג דעם דאזיגען וועלכער איז אבגעטרעטען פון דער קירכע, און דער סינאד האט געענטפערט, אז אויב ער וועט שטארבען אהן תשובה דארף מען עס נישט טהון. א. ז. וו.

— לויט דעם קייזערליכען אוקאז איז דער געוועזענער קריעגסמיניסטער גענעראל-אדיוטאנט פ. ס. וואננאווסקי בעשטימט געווארען צו זיין מיניס-טער פון פאלקסאויפקלערונג, און גענעראל-אדיוטאנט מ. י. צארטקאוו — צו זיין ווארשאווער גענעראל — גובערנאטאר און בעפעהלסהאבער פון דעם חיל פון ווארשאווער קריעגס-ראיאן.

---

## די ערשטע סדר־נאכט.

מען רופט איהם מאטע און ער איז א פוהר־מאן.

און מאטע האט נישט אויף דער וועלט, און נישט אויף יענער וועלט אויסער די צוויי ווייסע שימעלן, וואס ער טרייבט זיי אן.

זיין הייס איז דער שטאל, זיין גאנצע פאמיליע זענען די שימעלן.

ווער ער איז, פון וואנען קומט ער ארויס, נישט ער, נישט פרעמדע ווייסען דאס. דארטען אין שטאל אין א ווינקעלע אויף א בינדטיל היי, פערשטעלט מיט צוויי ברעטער, דארט, דאכט זיך איהם, איז ער געבארען געווארען און דארט וועט ער שטארבען.

דעם פאטער גדעדנקט ער להלוטין נישט, נאר די מוטער'ס בילד שוועבט איהם אפטמאל פאר די אויגען ווי א שיין פון א קליין גראשענדיג ליכטיל, וועלכער ווערט באלד פערלאשען; איהר אלט פערקנייטשט און פערזארגט פנים זעהט ער ווי אין א חלום מיט דעם הייביל, וואס איז פעסט אריבערגעצויגען ביז איהרע האלבע אויערען.

און זייט ער געדענקט, געדענקט ער נור דעם שטאל און די שימעלן.

דאס זענען זיינע בעסטע פריינד. איז איהם אמאל עפיס שווער אויפ'ן הארצען, נעמט ער ארום דעם שימעל'ס האלז און קוקט אין דעם פערדס גרויסע פערגלעזערטע אויגען, און איהם דאכט זיך אז דאס פערד פערשטעהט איהם, און עס בעדוירט איהם, קוקט אויף איהם מיט א מינע ווי עס וואלט זאגען: א רחמנות אויף דיר, מאטע, ביסט א גוטער ברודער.

און אויך מאטע פערשטעהט גוט די פערד. מיט א קוק אויף זיי ווייס ער, וואס עס פעהלט זיי. „אהא, מיינע קינדערליך, זענען מיר שוין הונגעריג, נא, נא, פיעשטעט אייך נישט."

וויפיעל יאהר מאטע איז אלט ווייסט קיינער נישט, אויך ער אליין ווייסט נישט. ער האט קיינמאל וועגען דעם נאר נישט גע־קלערט, און אלע וואס קענען איהם מיינען אז מאטע איז שטענדיג געווען אין דעם עלטער, תמיד געווען אזוי הויך און תמיד געהאט א נעשטיפעלטען פערברענטען פנים ווי א לעדער. דאס פנים מיט די הענד זיינע האבען איין קאליר. אנגעטהון געהט ער סיי זומער סיי ווינטער אין דער איינענער סערמיאנקע, וואס מען קען זי נישט בע־צייכענען וואס פאר א קאליר זי האט, נאר אין שטיוועל קאכעט ער זיך, איבער די גאנצע פיס ביז אויבען ארויף מוזען די האלעוועס גרייכען, און אייזערנע פאדקאוועס מוזען זיי האבען, עס זאל קלאפען איבער די שטיינער.

אלע האבען מורא פאר מאטע'ן, אפילו דער דאזער מיט'ן גאנצען כלי־קודש, און ווען מאטע שטעהט ביי דער טיהר אין שוהל און זעהט דעם דאזער, גיט ער א ווינק מיט די אויגען, מאכט ער מיט'ן מויל „פסס", ווי ער וואלט זאגען: „קוקט נור אן דעם, איהר זאלט מיר לעבען".

און מאטע נויט, אז אלע יונגען און מיידען, וואס געפינען זיך אין שטעדטיל, זאלען איהם צאהלען הודש געלד, אז נישט וויזט ער דעם בלייענעם קנאפ, וואס איז אויף זיין זעלנערישען פאשעק.

דארף זיך א יונג שלאגען מיט'ן צווייטען, קומט מען צו מאטען, און מאטע גלייכט אויס, מען מאכט א סעודה און עס ווערט ווייטער גוט, מיט איין פייף אין די אויגען פיהרט ער אלעס אויס.

און מאטע געהט שפאצירען שבת נאכ'ן עסען אין די גאסען פון שטעדטיל. ער קוקט אויף אלעס, אויף די הייזער, אויף די גע־

וועלבער מיט נאוה, ווי עס וואָלט הייסען, אלעס איז מיין. איך האָב זיי אַלעס איינגעטהיילט. דעם אַ הויז, דעם אַ געוועלב, און זיך זעלבסט האָב איך מיר גענומען דעם שטאָל.

פון איין זאַך האָט מאָטע פערדרוס, פון די מיידליך אין שטעדטיל. אלע רעדען מיט איהם, אלע פרעהען זיך מיט איהם, נאָר ער ווייס אַז דאָס איז געמאַכט, נישט אמת. מען האָט נור מורא פאַר איהם, אליץ איז נור אוים מורא, ווייטער גאָר נישט.

און אמאָל שבת נאָכ'ן עסען, ווען דאָס גאַנצע שטעדטיל איז געווען פערשלאָפען ווי אין אַ טבת'דיגע נאַכט, האָבען זיך אַלע מיידליך מיט די שניידער־יונגען צוזאמענגענומען ביי שרה ביילאָ'ן די אויבס־הענדלערין און האָבען געמאַכט אַ טענציל, מן הסתם איז דער ערשטער געווען מאָטע, ווארום אז נישט ער, וואָלט דער שמש נישט געלאָזט. הכלל עס וואָלט זיך גאָר אָהן איהם נישט אָנגעהויבען.

נאָר אין מיט'ן בעסטען טאנצען פאַלט מאָטען איין און ער יאָגט אַרויס די יונגען און די מיידען — ער פעריאָגט אַלע און לאָזט נישט טאַנצען, און דוד'קען, דעם קאמאַשען־מאַכער האָט ער צוהרג'ט. פאַרוואָס, ווייס קיינער נישט, דאַכט זיך, ער האָט דאָך פונקט גע־טאַנצט ווי אַלע.

נאָר ער האָט זיך געפיהלט עפּיס נישט היימיש. ער איז דאָ פרעמד אין גאַנצען, טאַקי אַלע מיידליך לאַכען צו איהם פריינדליך, אלע רעדען מיט איהם ליעבליך, אָבער עס איז נישט ווי צו דוד'ן, צו דוד'ן עפּיס זענען זיי פריינדליכער און צו איהם איז בלויס מורא. מען וואַרפט דעם הונד אַ ביינדיל, ער זאָל נישט בילען, האָט עס אויסגעזעהען ביי איהם.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווער ווייס, צו מאָטע וואָלט התונה געהאַט, אז עס וואָלט זיך נישט פלוצלינג געמאַכט אַזאַ מין מעשה.

יענטע פייגה דער קרעמערקעס טאָכטער איז אַ כלה געווען פאַר אַ יונג־שוסטער, נאָר צוויי טאָג פאַר דער התונה האָט דער התן צו־גענומען די 400 גילדען, וואָס מען האָט איהם נעגעבען נדן, און דער כלה'ס גאָלדענע אויערינגליך און האָט געמאַכט ויברח. אַליץ איז שוין געווען אָנגעגרייט, די גאַנצע התונה פאַרטיג, און דאָ מאַכט זיך אַזאַ מעשה, האָט לייזער'קע שדכן דערצו זיך גענומען און דורך די 2 טאָג איז מאָטע געוואָרען התן און מען האָט מאָטע'ן געפיהרט צו דער חופה.

און זיצענדיג אויף דער נאַכט נאָך דער חופה, אויבען אָן אָנ־געטהון אין אַ שענע קאַפּאָטע, קוקט זיך מאָטע אַרום און לאַכט אין זיך: „ווי הייסט דאָס, ווי קום איך דאָ אַהער? בין איך טאַקי מאָטע, אָדער איך, מאָטע, בין גאָר אַ ג'אַנדערער".

און מאָטע האָט התונה געהאַט.

נאָך דער חתונה איז מאָטע געוואָרען גאָר אַ ג'אַנדערער מענש, ווי מען וואָלט איהם גענומען און גאָר אין גאַנצען איבערגעמאַכט מיט דער האַנד.

מאָטע זיצט אַ גאַנצען שבת אין דער היים און זאָגט „ברכי־נפשי".

אין דער וואָכענס ארבעט מאָטע עפּיס מיט מעהר פלייס, מיט מעהר לוסט. עס קומט אויף דער נאַכט, פיהלט ער עפּיס אַ בענקער־ניש אהיים צו קומען, און גיט נאָך אַ שמייץ די פערדליך, אַז זיי זאָלען פלינקער געהן.

שבת, פרייטאָג צו נאַכט, ווען מאָטע זיצט ביי זיין ווייס גע־דעקטען טישיל, קוקט ער זיך אַרום. אויב עס איז נישט ווער דאָ אין שטוב אַ העכערער פון איהם, און ער קען דאָס גאָר נישט פער־שטעהן, אז דאָס איז אַליץ זיין, אַז דאָס זיצט ער ביי אַ געדעקטען טיש און ער אליין איז דאָ בעל־הבית, און ער זיצט ווי אַ פּריץ מדער, ער האָט זיך מורא אַ ריהר צו געבען.

מאָטע האָט שוין אַוועקגעוואָרפען אלע שטותים, ער מישט זיך שוין נישט אַריין אין די חברה „וואָהלע־יונגען", עס געהן איהם די נארישקייטען שוין נישט אָן. און ווען ער זעהט איינעם פון די היינ־טיגע חברה, קוקט ער אויף איהם מיט אַ שמייכעל ווי ער וואָלט זאָגען: ער איז מיר אויך אַ „וואָהלער־יונג".

---

עס איז ערב פסח, דער ערשטער פסח, וועלכען מאָטע פראַוועט אליין ווי אַ בעל־הבית.

מאָטע האָט זיך שוין אָנגעגרייט מצות, זיי זענען שוין אין קאָרב אויפ'ן בוידעם, אפילו די זעקס מצה־שמורה צו די צוויי סדר־נעכט. דאָס פעסיל באָרשט שטעהט ביים אויוועז, עס איז בעדעקט מיט אַ ריינעם שירץ, דאָס בעט שטעהט שוין ביים טיש, חרוסת האָט דאָס ווייב אויך שוין געמאַכט, אַלעס איז שוין גרייט.

דער שניידער האָט איהם שוין אָבגעבראַכט דאָס חאַלאַטיל, וואָס ער האָט זיך געמאַכט אויף יום־טוב, אויך דעם ווייב האָט ער געקויפט אַ פאָר נייע שיך, אַ נייען שייטעל, — אַ קלייד האָט זי נאָך פון דער התונה.

מאָטע האָט זיך געלאָזט אָבשערען, געווען אין מקוה, געקויפט זיך אַ ניי קאַשקעטיל און אַ נייע הגדה, ווי אַ בעל־הבית.

נאָר איין זאָרג האָט ער, ער ווייסט נישט וואָס צו טהון.

אַלע יאָהר איז עפּיס אַנדערש. אַ נ'אַנדער זאַך. ער וויל עס פערגעסען.

קיין גרויסער בריה אין די קליינע אותיות'ליך איז ער נישט, וואָס טהוט מען מיט'ן סדר אָבריכטען?

אַריינגעהמען אַ בחור ווילט זיך איהם נישט. איינס, ער וויל אַליין זיין בעל־הבית, אַליין זיצען אויפ'ן עסע־בעט, און ער וויל אויפהויבען מיט'ן ווייב די קערה, און ער קען נישט ליידען אַז פרעמ־דע קוקען איהם אין שיסעל אריין.

אָבער וואָס טהוט מען מיט'ן סדר?

ער האָט זיך שוין געלאָזט געהן אין בית־המדרש אריין נאָך אַ בחור, אָבער ער קען נישט.

ניין, וואָס עס וועט זיין, דאָס זאָל זיין. מען וועט זיך אַנ'עצה געבען.

---

פסח אויף דער נאַכט.

אַ קליין אויסגעווייסט שטיביל, די פיער ווענד זעהען אויס, ווי זי וואָלטען זיך פריינדליך צוזאמען בעהעפטען צו שיטצען דאָס קליינע הדר'ל, אין מיטען שטוב שטעהט אַ קליין ווייס בעדעקטער טיש, אויף איהם פינקלען זיך די צוויי אויסגעפוצטע מעשענע לייכ־טערליך, וואָס זיי האָבען זיי געקראָגען „דרשה־געשאַנק", דריי מצות צוגעדעקט מיט אַ ווייס טישטיכיל, אויף זיי אַ טעלער מיט שאַר־ירקות; מאָטע זיצט אויפ'ן בעט אָנגעטהון אין זיין ניי האַלאַטיל און אַ ווייסען קיטעל. זיין דיק געזיכט זעהט אוים איידעלער און פיינער.

יענטע זיין ווייביל זיצט ביי זיין זייט, אַ שען יונג ווייביל, רוטע פּלאַ־מעדיגע באַקען, איניגע שווארצע האָר קוקען ארויס פון דעם ווייסען, הייביל, וואָס בהנ'ווט איהר פּנים. זייביידע זיטצען עפּיס מיט ש־עק זי שפּירען ביי זיך, אז זיי גערען טהון אַ זאך, וואָס זיי זענען נישט ראוי דערצו. פון דערווייטענס זעהט מען די ווייסע נייע פאָרהאַנגען, וואָס בעהענגען דאס פענסטער. און די צוויי רויטע פּאַפּירענע בלומען, וואס זענען אריינגעשטעקט אין זיי, איניגע אָבגעפּוצטע בלעכליך מיט פּאַפּירענע בלימעליך הענגען אויף די ווענד, דאָס שענקיל קוקט ארויס, זעהט אויס ווי עס וואָלט דאָ געוועזן אַ היימישער, וואס פיהלט און לעבט מיט מיט די מענשען. די נייע אויסגעפּוצטע גלעזליך, וואָס שטעהען אויפ'ן קאַמאָד און פונקעלן זיך צום שיין פון די צוויי ליכטליך, וועלכע ברענען אין דעם פּאַפּירענעם לייכטעריל אויף דער וואַנד, זעהען אויס יום־טוב'דיג, אַלץ איז איבערגעצויגען מיט אַ יום־טוב'דיגען גייסט.

פאַר מאָטע'ן שטעהט אַנ'אָנגעגאָסען כוס, אין דער האַנד האַלט ער די נייע הגדה.

ער וואַרפט אַ בליק אַמאָל אין די הגדה, אַמאָל אויף יענטע'ן ווי ער וואָלט פרעגען איהר אַנ'עצה, וואָס מען טהוט, ווי הויבט מען אָן, ווי לאָזט מען אויס.

מאָטע וויים, אַזוי געדיינקט ער נאָך, אז מען דאַרף דעם כוס אויסטרינקען, אָבער ער שעמט זיך, ער קען נישט.

— מאָטע, מאַך קידוש, רופט זיך יענטע אָן דערשראָקען און ווערט רויט, וואס זי אַ פּראָסטע יודענע זאָגט אַ דעה אין אַזעלכע הויכע ענינים.

מאָטע האָט אַראָבגעלאָזט זיינע אויגען אין די הגדה אריין, געמורמעלט עפּיס מיט די ליפּען, און צוגעמענדיג דעם כוס צום מויל האָט ער נאָך אַמאָל געוואָרפען זיין בליק אויף יענטע'ן, ווי ער וואָלט זי דערמיט געפרעגט, אויב עס איז אַזוי גוט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט עס אויסגעטרונקען און געגעבען דערפון יענטע'ן.

דערנאָך האָט ער זיך ווייטער צוריק אַנידער־געזעצט, אריינ־געקוקט אין די הגדה.

— יענטע, בייג דיך אויך אריין, יענטע, — זאָגט ער צו איהר — רוק זיך אַביסיל צו.

זי האָט זיך צוגערוקט צו איהם.

— איצט וועלען מיר, יענטע, ביידע אויפהייבען דעם טעלער. יענטע האָט אויסגעשטרעקט איהר האַנד, זי איז רויט געוואָרען — און קלערט ביי זיך: „ווי קום איך צו דעם?"

— אַ קשיא, ווער וועט פרעגען די פיער קשיות, זאָגט ער צו איהר.

יענטע שווייגט.

— אָבער היינט אַ יאָהר, גיט מאָטע אַ ווינק צו איהר, און נעמט זי אָן ביי דער האַנד. אַהאַ יענטע — ער ווינקט צו איהר און לאַכט.

— אַ חורבן נאָך דיין פּנים, ווי דו ריכסט אָב דעם סדר, זאָגט צו איהם יענטע.

— האָסט דו אַ זאָרג, זאָגט ער צו איהר, האָסט אַ געשעפט מיט דעם, מצות איז דאָ, קניידליך אויך, אריין מיט דער גדולה.

— און די הגדה! — —

— מען זאָגט דאָך דאָס שפּעטער, נאָכ'ן עסען. ווייסט דען נישט? יענטע שטעהט אַ ווײַלע קלערענדיג, וואָס מען טהוט, צי דער־לאַנגען דאָס עסען אדער ניין, זי צווייפעלט, צי זאָל פאָלגען דעם מאַן אדער נישט.

— נו, וואס שטעהסט דו, גיט אויף איהר מאָטע אַ געשריי.

יענטע האָט איהם געפאָלגט און זיי זיצען ביידע און עסען.

— און איצט — זאָגט מאָטע, — וואַרט נאָר, וואַרט נאָר, כוסות, ווען טרינקט מען די כוסות?

— וואס פרעגסט דו מיך — רופט זיך יענטע אָן דערשראָקען.

מאָטע גיסט אָן צוויי כוסות. טרינק, יענטע, זאָגט ער, טרינק. אַזאַ יאָהר אויף מיר ווי אַ ווייביל דו ביסט.

ער נעהמט זי אַרום.

— די הגדה, די הגדה, שרייט יענטע.

— אָט שוין, אָט שוין — זאָגט מאָטע, — וואַרט, זאָג אויך, „עבדים היינו". און מאָטע הויבט אָן צו זאָגען, ער געגעצט, ער הויבט אָן צו דרעמלען. יענטע גיט איהם אַ ריס — מאָטע גיט אַ קוק אויף איהר און זאָגט ווייטער.

ער גיסט ווידער אָן אַ כוס און זאָגט: טרינק, יענטע, טרינק.

— און אפיקומן, רופט יענטע.

— אפיקומן, אפיקומן, ברומט מאָטע, וואַרט נאָר, יענטע, היינט אַ יאָהר, וואַרט ווי וועט מען איהם אַ נאָמען געבען, איין נאָמען זאָל זיין נאָך מיין טאַטען, איין נאָמען נאָך דיין מאַמען. יאָ, יענטע, יאָ, — ער נעהמט זי אַרום, און זאָגט ווייטער: יענטע, ער וועט אוועקגנב'נען דעם אפיקומן, האַ, האַ, חאַ, הערסטו, יענטע?

ער קושט זי.

— אָבער דעם סדר, אַ חורבן. אַ יוד זאָל אַזוי דעם סדר אָב־רעכטען, בייזערט זיך ליעבליך יענטע.

מאָטע זאָגט ווייטער די הגדה — טרינקט נאָך אַ כוס, הויבט אָן צו דרימלען. יענטע וועקט איהם יעדעס מאָל אויף — דער קאָפּ זיינער פאַלט ווידער אַראָב. זי הויבט אויך אָן צו דרימלען.

צו דער צווייטער סדר־נאַכט האָט יענטע שוין נישט געלאָזט — זי אליין האָט אריינגעבראַכט דעם שאכאטשאָווער בחור, געגעבען איהם צו עסען, ער זאָל דעם סדר אָבריכטען.

אָבער מאָטע האָט דערפון פערדרוס געהאַט.

ווארשא. שלום אַש.

---

# די הגדה און די קניידליך.

(ענדע)

מיט דער הגדה איז ביי אונז, ווי מיט אַלע אונזערע תפילות מיט אַלע „פיוטים", די שוואַכערע תפילות, זענען אַלעמען בעקאַנט, זיי זינגט דער חזן, איז דער גאַנצער עולם באַמקעט מיט, און די בעסערע, די שטאַרקערע, די ערהאבענסטע געבעטען היפּט מען איבער אין גאַנצען, אדער מען האַפּט זיי אָב אין איין אטהעם. צו „יעלות" קעהרט זיך אַ וועלט, „הנה כחומר" געדויערט אַ גאַנצע שעה, מען זאָגט וואָרט פאַר וואָרט, דער חזן מיט'ן קהל, און „זכור לנו ברית אָבות", האַפּט מען אָב אין איין מינוט; אַזוי ראש־השנה, יום־כפור, אַזוי אויך פּסח, שבועות, סכות, די בעסטע שטלען אין מחזור — היפּט מען איבער.

דעסגלייכען מיט דער הגדה. די ערשטע העלפט, אויסער „הא לחמא" די שוואַכסטע, זאָגט מען מיט אַ נגון, מיט אַ קול, די גאַנצע פאַמיליע צוזאַמען.

און די צווייטע העלפּט, וועלכע ס׳איז פיעל פּאָעטישער זאָגט מען גאָר ניט, אָדער — איינער פון דער גאַנצער פאַמיליע. די קינדער שלאָפען שוין, דאָס ווייב בעשעפטיגט זיך אין קיך מיט דער קעכין, האַלטען עצות וועגען דעם מאָרגעדיגען אָנבייסען אָדער לייגט איינשלאָפען די קינדער, נאָר דער אַלטער זיידע, זיצט ביין טיש און זינגט האַלב פערשלאָפען: אֶחָד מִי יוֹדֵעַ?

ווען איך וואָלט געווען אַ רב ביי יודען, און וואָלט, ווי געוועהנטליך, געוועלט ווערען אַ מפורסם אין דער וועלט, וואָלט איך ניט אַרויס מיט „הרמות", מיט קללות געגען די ציוניסטען, אויך ניט געאסר׳ט הערינג אויף פסח, דאָס זענען שוין אַלטע זאַכען, וואָס ווירקען שוין ווינציג, וועגען דעם רעדט מען שוין גאָר ניט. איך וואָלט געפינען אַ בעסערעס מיטעל: איך וואָלט געאסר׳ט... קניידליך! —

שטעלט זיך נור פאָר, וואָס פאַר אַ רעש עס וואָלט אָנגעמאַכט אין דער יודישער וועלט, ווען עס זאָל זיך געפינען אַ רב, וואָס זאָל אַסר׳ן קניידליך אום פסח! קיין גרעסערע רעקלאַמע, דאַרף מען שוין ניט. איך מיין ניט חלילה אין גאַנצען אַסר׳ן. אין יודישע מאַכלים בין איך ברוך השם שטאַרק פרום. איך בין איבערציינגט, אַז „עסען", גוטעס עסען איז נור אונזער יודישעס, און, מאַכט רעפאָרמען ווי איהר ווילט, נאָר ניט אין קיך. די „קיך" דאַרף בלייבען שטרענג יודיש ווי זי איז געווען אין אונזער באָבעס־באָבעס צייטען... פיש, דוקא געפילטע, גרויסע שטיקער מיט פיעל פעפער... פלייש, גוט געבראָטען, אַ ביסיל פערברוינט, מיט אַ ציבעלע, מיט אַ קנאָביל, און... ווידער טאַקע אַ גרויס שטיק... קוגיל, נאָר אַ לאָקשינער, מיט אייער, אָדער אַ געבלעטערטער מיט ראָזינקעס. אין אַ גרויסען קוגילטעפיל. קרעפליך — נאָר דריי עקינע, פיעל פלייש, מיט ווינציג טייג... און קניידליך... גרויסע, פעטע, זיי זאָלען זיך צוגעהן אין מויל... אַזוי ווי די עלטער באָבעס פלעגען קאָכען. ווי איהר זעהט, מיין איך ניט צו אַסר׳ן, חלילה, קניידליך אין פסח, נאָר איך וואָלט געאסרט קניידליך — אין מיטען הגדה. אַז די ווילסט עסען קניידליך, זיי זיך מטריח זאָג אָב פריהער די גאַנצע הגדה. אַז ניט, זעהען מיר דאָך, מען זאָגט אָב די ערשטע העלפּט און די אַנדערע וויל מען שוין ניט זאָגען, און עס איז שאָדע, די אַנדערע העלפּט הגדה איז אַסך שענער פון דער ערשטער העלפּט.

די ערשטע העלפּט הגדה איז שוין אַביסיל — אַרויס פון דער מאָדע. אַפילו דער „גרויסער" „מה־נשתנה" אַליין איז אויך אַביסיל אויסגעוועבט געוואָרען. און דער בעריהמטער וועלט חכם „עבדים היינו" איז אויך ניט אַזוי קלוג ווי ער איז געווען. ניט אַלץ קען ער פערענפערן. מען פרעגט היינט אַזוינע קשיות אויף וועלכע „עבדים היינו" איז שוין מעהר קיין תירוץ ניט... מיר האָבען געזעהן פעלקער, וועלכע זענען געווען פיעל ערגערע קנעכט ווי מיר, שטאַרקער פערקנעכטעט און דאָך זענען זיי היינט צו לייטען גלייך, נאָר מיר קענען גאָר ניט מאַכען.

און די הגדה האָט זיך אָבגעשטעלט אויפ׳ן אַלטען „מה נשתנה", אויפ׳ן נאָך עלטערן „עבדים היינו", און מעהרער ניט אַ וואָרט. איבערהויפּט בעשעפטיגט זי זיך ווינציג מיט אונזערע „קשיות" — איין בלעטיל איז גענוג, דאָס איבריגע בעשעפטיגט זי זיך מיט פרעה׳ן און זיינע מכות... אַזוי ווי אונז איז גרינגער דערפון, וואָס פרעה האָט געהאַט 10 אָדער הונדערט מכות...

איך מיין ניט זיין אַ מליץ יושר פאַר פרעה׳ן, מסתמא איז ער ווערט געווען דעם שטעקען, נאָר, צווישען זיך רעדענדיג, דוכט זיך אַז ער איז גאָר ניט געווען אַזוי שלעכט, אַזוי שולדיג. די היסטאָריע פון דעם ערשטען גלות, פון גלות מצרים, איז געווען גאָר אַ געוועהנטליכע היסטאָריע ביי יודען.

עס האָט זיך אנגעהויבען אַזוי. —

די עטליכע יודישע קאָלאָניסטען אין ארץ ישראל, יעקב׳ן מיט זיינע 12 קינדער, איז געוואָרען ניט אַס בעסטען. גלייך צו די איצטיגע קאָלאָניסטען פון אונזער צייט, האָבען זיי קיין ברויט געהאַט און „וויין" איז ניט געווען וואו אהין צוטהון. „לוט" מיט זיין הברה שכורים זענען געווען ווייט, ווייט אין די מדינות פון „ים המלח". „ישמעאל" מיט זיינע קינדער, האָבען גאָר ניט געטרונקען קיין וויין, „עשו" מ׳ט זיינע אלופים מיט זיינע קנאַזען האָבען ניט געוואָלט טרינקען יודישען וויין, דערצו האָבען זיי נאָך אַרויף געלייגט אויף איהם אַ גרויסען אָבצאָהל. דאָס ביסעלע יודעליך וואָס זענען געווען, „יעקבס אייניקליך", האָבען אויך בעסער געוואָלט טרינקען „עשוי׳ס" וויין, וועגען וועלכען די ווינשענקערס „האָבען געזאָגט" דאָס זיי האָבען איהם געבראַכט פון לאַנד „אדום" און ניט דעם יודישען ארץ ישראל וויין. בקיצור, ניטאָ דעם וויין וואו אַהין צו טהון האָטש נעם גיס איהם אויס אין „ירדן". און ס׳איז געוואָרען, ווי מען זאָגט עס איצטער, אַ „קריזיס" אין ארץ ישראל, נון, האָבען זיי דערהערט, דאָס אין חוץ לאָרץ, אין געבילדעטען און רייכען „מצרים" איז יודען ניט שלעכט, איבערהויפּט איז פאַראַהאַן אַ רייכער באַראָן „יוסף בן יעקב" און זיי האָבען געשיקט אַ „דעפּוטאַציע" קיין מצרים. דעם ערשטען מאָל אַז עס זענען געקימען ארץ ישראל יודען קאָלאָניסטען קיין מצרים, האָט מען זיי אנגענומען גאַנץ שעהן, מען האָט זיי געגעבען אויף ברויט, און אַדמיניסטראַטאָרען, אום צו פיהרען וייער קאָלאָניעס. נאָר די לאַגע פון יעקב׳ן מיט זיינע קינדער איז דערפון ניט געוואָרען בעסער, דעם וויין איז דאָך ניטאָ וואו אַהין צו טהון און קיין ברויט איז אויך ניטאָ. האָט זיך ווידער אנגעהויבען אַ „ויצעקו", מען האָט געקלערט... עס איז געבליבען נאָך אַ מאָל שיקען אַ דעפּוטאַציע—פון כמעט אַלע יעקב׳ס קינדער מיט אַ מאָל — קיין מצרים, צו די יודישע באַראָנעס. דער פּרעזידענט פון דער אַמאָליגע „יק"אַ" האָט זיי בעגעגענט ניט אַזוי בכבודיג. האָט מיט זיי גערעדט האַרטע רייד, האָט זיי אנגערופען פוילע, שנאָרער... צום סוף האָט ער זיי ערקלערט, דאָס האַלטען זיי אין ארץ ישראל, מיט שטענדיגע סובסידיעס — האָט ניט קיין זינען פאַר יק"א. ביי יק"א איז ארץ ישראל גאָר אַ קליינער מיוחס, זי מאַכט ניט קיין צימעס פון ארץ ישראל. ביי איהר איז אַלעס איינס, ארץ ישראל, מצרים, הודו און כוש... וואו ס׳איז בעסער, וואו מען קען גרינגער פערקויפען — אַלטע הויזען" דאָרטען דאַרף אַ יוד וואהנען, דאָרטען איז זיין פאַטערלאַנד. איי וואָס, דער יונגער „בנימין" מיט נאָך איינינע יונגע לייט ציוניסטען, ווילען ניט געהן פון ארץ ישראל. ווער הערט זיי, ווער קוקט אויף זיי. אט ווען זיי, יעקב מיט זיינע קינדער, ווילען אויף הוצאות אַרויספאָהרען פון ארץ ישראל, קיין מצרים, אָדער אַנדערש וואו ס׳איז, וועט מען זיי געבען. די קאָלאָניסטען האָבען געטראַכט, געטראַכט... דאָס דער עסק איז ניט אַזוי שלעכט, מען קען לעבען אין מצרים אויך, און האָבען גענומען אויף הוצאות אַרויסצופאָהרען. זייער ביסיל ערד, זייערע חפצים האָבען זיי ביסליכוויז פערקויפט: דעם חתי, דעם אֱמוֹרי, דעם כְּנַעֲנִי, דעם „פְּרִזִּי", די אַלע 7 פעלקער, וועלכע זענען דאַמאַלס געזעסען אין ארץ ישראל. פערנומען ווייב און קינד, און... אַרויסגעפאָהרען קיין... מצרים זוכען גליקען.

אָט אַזוי, זענען יודעליך אנגעקומען קיין מצרים.

פון אנפאנג איז זיי, ווי עס ווייזט אויס געגאנגען ניט שלעכט. מצרים איז געווזען א פעט ווינקעל, פריצים רייכע, פויערים אויך ניט קיין ארימע און יודעליך האבען געהאט וואס צו טהון. מען האט פערדינט נעלד, גאנץ געשמאק. ביסליכווייז, ביסליכווייז, האבען זיך אבער די מצרים אליין אויסגעלערנט „האנדלען" אין מען האט אנגעהויבען יודעליך דריקען. דארטען ניט וואהנען, דאס ניט טהון, ניט לערנען, ניט האנדלען... בקיצור ס'איז געווארען ניט גוט. יודעליך האבען זיך ארומגעקוקט, דאס אין מצרים לעקט מען אויך ניט קיין האניג, און בעסער צו האנדלען מיט ווייץ אין ארץ ישראל איידער מיט אלטע קליידער אין מצרים. „ויצעקו בני ישראל" האבען יודעליך געשריען, דאס זיי ווילען צוריק קיין ארץ ישראל, אהיים...

די מצרים אבער זענען געווען א זעלטענע אומה, אנשטאט, וואס איצטער זוכען די פעלקער, ווי אזוי פטור צו ווערען פון די יודען, אויסזייגען פון זיי דעם לעצטען זאפט, די מארך פון די ביינער אבנעמען דעם לעצטען גראשען און דערנאך זיי ארויסטרייבען, זיי שוין קיין מאל צוריק ניט אריינלאזען, איז אין מצרים, אין דעם נארישען ווילדען מצרים געווען פערקערט. די יודעליך האבען זיך געריסען אהיים, און די מצרים האבען געזוכט מיטלען ווי אזוי זיי צו פערהאלטען ביי זיך... און צום סוף אז זיי זענען ארויס פון מצרים, זענען זיי ארויס „ברכוש גדול" מיט פיעל נוטס, מיט גרויס רייכקייט.

איך זאג אייך, הוילע ניסים. איין נס גרעסער פון דעם אנדערען. דער ערשטער נס, וואס די יודעליך האבען געוואלט ארויס פון מצרים, און געהן קיין ארץ ישראל. דער צווייטער נס, א גרעסערער פון דעם איז געווען, וואס די מצרים האבען זיי ניט געוואלט ארויסלאזען... דער דריטער נס, נאר דער גרעסטער איז געווען, וואס די יודעליך איז געראטען איינצוהאלטען עטליכע רובל ביי זיך און ארויסגעגאנגען מיט א פערמעגען...

עס קען זיין אז דאס זענען געווען די גרעסטע ניסים פון יציאת מצרים...

א נו, פרובירט נאר פערגלייכען, דעם גלות מצרים צו דעם „גלות ספרד" ופורטוגל... אז מען האט ארויסגעטריבען יודען, האט מען פריהער ביי זיי צוגענומען זייער גאנץ פערמעגען, אלץ וואס זיי האבען געהאט, אפילו נעשניטען די בייכער, אויף ווען עס איז געפאלען א ספק, א חשד, טאמער האט ער הלילה אריינגעשלונגען עטליכע דימענטען... פערגלייכט עס מיט נאך פיעל אזוינע סצענעס. ווען מען האט יודען ארויסגעטריבען פון פראנקרייך, פון איטאליען, פון דייטשלאנד... פערגלייכט עס אפילו מיט דעם לעטצטען ארויסגאנג פון רומעניען... וואו מען האט זיך געסטא־עט זיי פריהער ארים מאכען ביז בעטלעריי. געוויס, דארפען די מצרים, די הרובעס הייצען ביי די איספאניער, דייטשען, רומענען, די מצריים דארפען זיך שעמען אנטקעגען זיי...

אלע מאל ווען איך לערן חומש און קום צו דעם פסוק: דבר נא באזני העם, רעד אין די אויערען פון פאלק, וישאלו, אונד זיי זאלען, אנטלייען איש מאת רעהו, יעדער פון זיין הבר דעם מצרי, ואשה מאת רעותה, און א יודענע פון איהר הברתה די מצרית, כלי כסף זילבערנע כלים, וכלי זהב, גילדערנע כלים, קען איך זיך ניט פערחד'ש'ען, וואס הייסט זיי זאלען אנטלייען? און וועלכער נאר וועט זיי לייען? זיי קלייבען אוועקגעהן קיין ארץ ישראל — און מען זאל זיי אנטלייען זילבערנע און גילדערנע כלים... געטראפען דעם ארט, א־נו, פרובט נור בעטען אזוינס, ניט נור, ביי א גוי, אפילו ביי יודען, צי וועט מען אייך געבען אפילו א צובראכענעם גראשען. אז מען דערהערט נור דאס איהר זענט א חובב ציון א ציוניסט, טראכט נור וועגען ארץ ישראל פאר — אנדערע, ווערט איהר שוין אן, איינגערמאסען, אייער קרעדיט; יעדער טראכט ביי זיך: ווייס איך וואס, עפיס א מין ציוניסט, א פאנטאזיאר, ליינט אוועק געשעפטען און געהט אויף אסיפות, פיהרט זיך ארום מיט יונגליך, פאהרט אויף קאנגרעסען... ניין, אזעלכען טאר מען ניט געט־ייען.

און דער פסוק דערצעהלט אונז ווייטער: וישאלו ממצרים, און זיי האבען אנטליען ביי די מצרים, כלי כסף, זילבערנע כלים, וכלי זהב, גילדערנע כלים ושמלות און קליידער. וד' נתן את חן העם און גאט ברוך הוא, האט געגעבען דעם הן פון דעם פאלק, בעיני מצרים, אין די אויגען פון די מצרים — „וישאלים" און זיי האבען זיי אנטליען,— זאגט, וואס איהר ווילט, זיי זענען פארט ניט געווען קיין גאר שלעכטע מענשען די מצרים. מיט די ווערטער פון בעל הגדה קומט אויס צו זאגען; אלו היינו שם ווען מיר הלילה, וואלטען דארטען געווען „אונזער דור" וואלט געווען אין אזא גלות לא היינו נגאלין, וואלטען מיר מן הסתם גאר ניט אויסגעלייזט געווארען. מיר וואלטען שוין מסתמא פערבליבען דארטען.

בערעכענט נאר. אז מען טרייבט אונז, מען יאגט אונז, מען נעמט צו פון אונז אלע פרנסות, און דאך ווילען מיר ניט געהן קיין ארץ ישראל, און זיי, אוועקגעגאנגענע, קעהרען זיך אום צוריק, ביי דער ערשטער אונצופרידענהייט, טא וואס וואלט שוין געווען, ווען מען זאל נאך אונז חלילה אביסיל צוהאלטען, אזוי ווי אין מצ־ים? — אמת טאקי, „חומר ולבנים", אבער פרנסה האבען זיי געהאט, קרעדיט האבען זיי געהאט אונד וואס נאך דא־ף א יוד? —

נאר, ווי געזאגט איך בין ניט קיין מליץ יושר פאר פרעה'ן, מסתמא איז ער ווערט געווען די קלעפ; ער אינטערעסירט מיך אבער גאנץ ווינציג, מיך אינטערעסירען פיעל מעהר די אמאליגע יודעליך, ווי זיי האבען געפיהלט דעם „גלות", ווי אזוי זיי האבען געזוכט מיטלען ארויסצוגעהן פון מצרים, ווי אזוי זיי האבען זיך צוגעהערט צו משה'ס רייד... און וועגען דעם, איז גאנץ ווינציג דערמאנט אין הגדה... איין עסק מיט פרעה'ס מכות, אבער פרעה, ווידער פרעה... און וואו זענען געווען די יודען?

פיעל אינטערעסאנטער אין די צווייטע העלפט הגדה, זי קען זיך ווירקליך אנרופען הגדה... נאר זי האבט מען אב, אדער מען זאגט זי גאר ניט, דען ס'איז שוין נאכ'ן עסען, נאך די קניידליך.

אפנים אין לעבען, האט אלעס א ווערטה נור ביז'ן עסען, ביז די קניידליך...

און מיין פעלעטאן, ווער ווייס ווען איהר וועט איהם לייענען: פאר אדער נאך די קניידליך?

אויב פאר די קניידליך, וואלטען מיר געדארפט נאך פיעל, פיעל רעדען; טאמער אבער נאכדעם, איז ניט כדאי איצטער די רייד, און מיר וועלען בעסער אבלייגען אונזער שמועס.

לשנה הבאה בירושלים!

א. ל. לעווינסקי.

## ביבעל־קריטיק.

כ. מ. ווארשאווסקי. יודישע פאָלקסליעדער (מיט נאָטען).

ה. ווארשאווסקי האָט א נאָמען געגעבען זיינע 25 ליעדער פאָלקסליעדער. ער מיינט הלילה ניט צו קאָנקורירען מיט מא־עק און גינצבורג׳ס אויסגאבען פון די „יודישע פאָלקסליעדער“, דען זיינע האָט ניט די יודישע פאָלקספאַנטאזיע בעשאַפען. וואַרשאַווסקי אליין האָט זיי געבאָרען און ווי א טרייער פאָטער האָט ער איטליכען ליעד זיינעם מיטגעגעבען א אייגענע מעלאָדיע, אום זיך לייכטער דורכצושלאָגען אין דער יודישער וועלט.

וו. האָט געהאַפט דעם טאָן פון דעם יודישען פאָלקסליעד און ערטערווייז איהם קונציג נאָכגעמאַכט. ערטערווייז אבער („שרה און רבקה“, „תנחום דער ט־ובאטש“ און אנד.) הערען זיך גאָר אַנדערע טענער און דוקא ניט די וואָס קלינגען אין יודישען פאָלקסליעד. און דאָס איז אפשר ניט די קלענסטע מעלה פון וואַרשאַווסקי׳ס ווערק. דען נאָכמאַכען אליין האָט ניט אזא גרויסע ווערדע. פיעל שווערער איז אָבער צו ווערען אליין דער שעפּער פון די ליעדער, וואָס ווע־לען אַמאל געוונגען ווערען פון פאָלק, ניט וויסענדיג שוין פון וואַנען זיי האַבען זיך גענומען.

ווארשאווסקי׳ס ביכעל האָט א סך פעהלערן אז מען זאל ווע־לען שטארק אַריינקריכען, בכלל אָבער מאכט עס דעם בעסטען איינדרוק. וו. מעג אנווענדען אויף זיין ווערק געטהע׳ס גערטנערינען־ליעד:

„מעגט איהר שטיק פיר שטיק בעווייצעלן

דאָך דאָס גאַנצע ציעהט איך אָן“,

דען ווארשאווסקי׳ס טאלענט בעשטעהט ניט פון איין איינציגער גרויסער פעהיגקייט. עס בויט זיך אויף פון צעהנדליגער פעהיגקייטען, וועלכע איטליכע פאַר זיך איז אפשר קליין, אבער אין איינעם ווירקען זיי אויף דעם לעזער אין אנגענעהמסטען אופן.

דער פאָלקסזינגער מיט דער באַנדורע, וועלכער זינגט פאַר שטאָדט און דאָרף, פאַר מענער און פרויען, פאַר קליין און גרויס, מוז בעזיצען טויזענדער טאלענטען, אום צו ווירקען, און יעדעס טאלענט בעזונדער דאַרף ניט אריבערשטייגען די השגה פון זיין געמישטען פובליקום.

ווארשאַווסקי איז לעבענדיג, לוסטיג, פריהליך, אומעטיג, ווייכהארציג און פערטראַכט. בשעת ער זינגט הויבען זיך שוין אונטער איהם די פיס, און בשעת ער טאַנצט לויפט שוין איבער זיינע ליפען א פאַרטיגע מעלאָדיע. נאָך איידער ער האָט דעם גראַם, האָט ער שוין די מוזיקע דערצו און מוזיקע, גראַם און א טענציל איז ביי איהם איינס. אין זיין פראכטפאלען ליעד „די ראד“ פיהלט מען פון די ווערטער ארויס דעם ווילד־פריהליכען קאַ־אַ־אַה, די שטורם־רוישענדע מעלאָדיע, דאָס וואָס מען רופט: „משוגע פאַר פרייד“.

מ. מ. ווארשאַווסקי וועט ווערען פאַר אונז דער צווייטער מיכל גאָרדאָן, דער פערפאַסער פון ליעד:

פון דער חפה צו דער סעורה

האַלט זיך, האַלט זיך מיט דער דודע,

אבער אַ אבגעשליפענער, מעהר אייראָפעאישער. ער האָט ניט וועניג גענאַשט פון דעם אפּערעטען־קופּלעטען־שטיל, ער איז אַ תלמיד פון בעראנזשע׳ס *) הדר. מען דאַרף ניט פערלאַנגען פון איהם קיין צו טיעפע, צו פיינע ליעדער. די געטין פון זיין פאעזיע איז, ווי די דייטשען זאָגען, לייכטפיסיג, זי האָט ליעב אַ טענציל, און זיין טרויער איז נור דאָ אַ בלוטסטראָפּען פון מעלאַנכאָליע, זיין פריהליכקייט אָבער איז ניט קיין איבערגעהאַפטע, זי איז די געזונדע פרישע פרעהליכקייט, וועלכע מען טרעפט נאָך אָן ביי די מיטלערע קלאַסען פון פאָלק.

יעדע ליטעראַטור וואלט אַזאַ ווערק ווי ווארשאַווסקי׳ס, בעגעגענט מיט דעם שענסטען כבוד. אין אונזער אָרימער יודישער ליטעראַטור איז זיין ווערק איינס פון די וועניגע פערלען, וועלכע מיר האָבען דערווייל.

צו ווארשאַווסקי׳ס ווערקיל האָט דער בעקאַנטער שלום־עליכם געשריעבען א פאָררעדע. ער ענדיגט מיט פאָלגענדע ווערטער: „איך בין רעכט איבערצייגט, דאָס עס וועט גאָר נישט לאַנג געדויערען און ווארשאַווסקי׳ס „יודישע פאָלקסליעדער“ וועלען ווערען ביי אונז באמת פאָלקסליעדער, וואָס מען וועט זיי קאָנען הערען זינגען אומעטום, אין יעדער יודישער שטוב, דאָרט וואו מען הערט נאָך אמאל אַ יודיש וואָרט, דאָרט וואו מען שעמט זיך נישט מיט אונזער אָרימע יודישע פאָלקסשפּראַכע, וואָס מען רופט זי „זשאַרגאָן“.

די ציוניסטישע כאָרען קענען אסך דערפאַר טהון, און ווען שלום עליכם׳ס וואונש, וועלכער איז אויך מיין וואונש, זאָל גיכער ערפילט ווערען, וואָלט מיין עצה זיין צו דערניעדעריגען פאַר ציוניסטישע כאָרען דעם פרייז פון ווארשאַווסקי׳ס ווערק מיט די נאָטען.

בעל מחשבות.

---

*) בעראַנזשע, דער גרעסטער פראנצויזישער ליעדער פאָעט פאַר׳ן פאָלק (1780—1857).

---

נעקראָלאָג.

# ה״ר אריה ליב ווישעוויאַנסקי ז״ל

## איז נפטר געוואָרען ביום א׳ ב׳ דחוהמ״פ איין אַלטער פון 54 יאָהר אין לאָדז. תנצב״ה.

דער נפטר ה״ר אריה ליב ווישעוויאַנסקי איז געוועזען איינער פון די פיינסטע בעלי בתים אין לאָדז, אַ גרויסער יחסן, בר אורין, משכיל און נדבן, אַלס מענש פון דער אַלטער וועלט, האָט ער אין זיך פעראייניגט די שענסטע מעלות פון אַ יוד: תורה וגדולה, הכמה און השכלה, רייכקייט און וואָהלטהעטיגקייט. דער פאָטער פון הרא״ל ווישעוויאַנסקי ז״ל איז געוועזען ה״ר הגדול מהור״ר דוב, תלמיד ה״ר הג׳ ר׳ אליהו יאַנאָלער ז״ל; אין זיין יוגענד איז ער געוועזען דער תלמיד פון דודו הרה״ג ר״מ זיוו, הרב דטויראַגגען, און נאָכהער פון הרה״ג ר״ד רענענסבערג. אין וועגען זיינע גרויסע פעהיגקייטען און שכל הישר וואָלט ער געקאָנט אַרויסקומען אַ גאון, נאָר ער האָט זיך גענומען צו מסחר, און צוזאַמען מיט זיין שותף הרב הנגיר רי״ד האווקין האָט ער געגרינדעט אַ געשעפט, וועלכעס עקזיסטירט שוין 30 יאָהר. מיט זיין עהרליכקייט און פיינקייט האָט ער גע־וואונען די ליעבשאַפט פון אַלע קלאַסען מענשען, הן פרומע הן געבילדעטע.

ביום א׳ ב׳ דחוהמ״פ איז ה״ר א״ל ווישעוויאַנסקי נפטר געוואָרען, און פון אַלע עקען שטאָדט איז מען איהם געקומען מלוה זיין; וועגען קדושת החג האָט מען נישט געקאָנט דעם נפטר מספיד זיין, ווי עס דאַרף זיין. נאָר הרב הגאון רא״ה מייזיל האָט איהם מלוה געווען דעם גאַנצען וועג ביז דעם בית עלמין. ינחם ה׳ את אלמנתו ובניו ואת שותפו הג׳ רי״ד האווקין בתוך שאר אבלי ציון וירושלים ובתוכם גם אותי אחד מבני בית מסחרו ל. ז.

Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berko[illegible]z. — Herausgeber u. Buchdruckerei Josef Fischer Krakau.